ביבליאָטעק פון „סאָוועטיש היימלאנד" (76) № 4

ביילאגע צום זשורנאל נומ. 4, 1987

מיכאיל אָסטראָווסקי

# קיין בעסער לאנד, ווי רוסלאנד, איז אף דער וועלט ניט פאראן

פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" • מאָסקווע • 1987

אונטער דער אלגעמיינער רעדאקציע
פון אהרן ווערגעליס

מיכאיל אָסטראָווסקי איז געבוירן געוואָרן אין 1923 אין מאָסקווע. ער האָט פאַרענדיקט דעם טעאַטראַל־פאָרשערישן פאַקולטעט פונעם מעלוכע־אינסטיטוט פון טעאַטראַלער קונסט אַף א. וו. לונאַטשאַרסקיס נאָמען. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1948. אַווטאָר פון פיל אַרטיקלען וועגן קונסט און ליטעראַטור, צונויפשטעלער פון די ערשטע יאָר־קאַלענדאַרן „אין דער וועלט פון שיינקונסט“, פון די יאָרביכער „הונדערט געדענק־דאַטעס“, געווידמעט דער געשיכטע פון שילדערונגס־קונסט. מיכאיל אַנדרייעוויטש איז אַ גליד־פּלימעניק פונעם גרויסן רוסישן דראַמאַטורג א. נ. אָסטראָווסקי, איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן און דער ערשטער פּאַרוואַלטער פונעם מאָסקווער אָסטראָווסקי־מוזיי.

# קיין בעסער לאַנד, ווי רוסלאַנד, איז אױף דער וועלט ניט פאַראַן

עטיודן וועגן איסאַק לעוויטאַנען

## קאַפּיטל 1

אין 1844 האָט ניקאָלײַ I באַפוילן, עס זאָלן געגרינדעט ווערן ראַבינער־שולן. צוויי אַזעלכע האָט מען אין טכום־האַמוישעוו געעפנט אין 1847 — איינע אין ווילנע און די צווייטע אין זשיטאָמיר. לעכאַטכילע זײַנען אַהין אַרײַנגעטראָטן קימאַט אויסשליסלעך קינדער פון אָרעמעלײַט, וועמען עס האָבן צוגעצויגן די סטיפּענדיעס, דערנאָך האָבן אין די שולן אָנגעהויבן אָפּגעבן זייערע קינדער אויך פאַרמעגלעכע ייִדן, ווײַל די שילער זײַנען באַפרײַט געוואָרן פון דער ביטערער סאָלדאַטן־דינסט, וועלכע האָט זיך געצויגן ביז 25 יאָר. די אופזעער אין די ראַבינער־שולן זײַנען געווען קריסטן. די האַזשגאָכע אױף די ייִדישע לימודים האָט מען אָנפאַרטרויט אינספּעקטאָרן־ייִדן. די לערער האָבן געפירט דעם אונטעריכט פון די ייִדישע לימודים אױף דער דײַטשישער שפּראַך. רוסיש און די אַלגעמײנע לימודים האָבן די שילער געלערנט אין פאַרנעם פונעם גימנאַזיע־קורס. ווי עס דערציילן די מיטצײַטלער, איז דער אונטעריכט פון אַלגעמײנע לימודים אין די ראַבינער־שולן צוגעגאַנגען מיט מער דערפאָלג איידער פון די ייִדישע. אַדאַנק דעם זײַנען די ראַבינער־שולן געוואָרן די נעסטן פון אופקלערערישער טעטיקײַט אין טכום־האַמוישעוו.

פיל טאַלמידים פון די ראַבינער־שולן, אַזױװי די סעמינאַריסטן פון די רוסישע „דוכאָװנע סעמינאַריעס", האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע אַנטירעלי־

גיַזע שטימונגען, און שפּעטער האָבן אייניקע פון זיי גענומען אן אקטיוון אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

עליאש לעוויטאַן איז געווען איינער פון די ערשטע אַרויסלאָזניקעס פון דער ווילנער ראַבינער־שול. ער איז געווען אַ ראַוּוס אַ זון, וועלכער איז גע־בוירן געוואָרן אין שטעטל קיידאַן, קאָוונער גובערניע. דער פּאַטער האָט אָפּגע־געבן עליאשן אין דער ראַבינער־שול, ווען יענעם האָט געדראָעט אַוועקגענומען ווערן אין סאָלדאַטן. צוויי יאָר פאַרן פאַרענדיקן די שול האָט עליאש כאַסענע געהאַט. די שול האָט ער פאַרענדיקט. אָבער ער איז נישט געוואָרן ניט קיין ראַבינער, ניט קיין לערער.

די מאַנהיגים פון די יידישע קעהילעס האָבן געהאַלטן די אַרויסלאָזניקעס פון די ראַבינער־שולן פאַר אַמעראַצים אין דער טוירע און פאַר אַגענטן פון דער מעלוכע. ס׳איז זיי מער אונטערגעגאַנגען אויסצוקלייַבן אַלס ראַבינער פרומע לייַט, וועלכע האָבן שטרענג אָפּגעהיט די מיצוועס. ווען די צאַרישע אַדמי־ניסטראַציע איז באַשטאַנען אַף די אַרויסלאָזניקעס פון די ראַבינער־שולן, האָבן די קעהילעס אונטערן דרוק פון זייערע רעדלפירער בעקיוון באַשטימט פאַר זיי אַ נעבעכדיקן לוין, וועלכער האָט ניט געקלעקט אַף צו לעבן. געציילטע אַרויס־לאָזניקעס פלעגן באַשטימט ווערן אַפן פּאָסטן פון „געלערנטע יידן" בא די גע־נעראַל־גובערנאַטאָרס און גובערנאַטאָרס, נאָר די מערהייַט האָט געדאַרפט אַליין זוכן פּאַרנאָסע.

עליאש לעוויטאַן האָט אין אַ געוויסער צייַט אַרום נאָכן פאַרענדיקן די ראַבינער־שול זיך באַזעצט מיט זייַן מישפּאָכע אין קאָוונע, ווו עס זייַנען אין 1858 אָפּגעשאַפן געוואָרן די באַגרענעצונגען, אַז יידן זאָלן זיך דאָרט באַזעצן. די ערשטע צייַט האָט לעוויטאַן פאַרדינט אַפן לעבן מיט פּריוואַטע לעקציעס אַלס הויז־לערער.

עליאש לעוויטאַן האָט אַכוץ יידיש, דייַטש, רוסיש געקענט אויך די פראַנ־צויזישע שפּראַך, און אים האָט זיך אייַנגעגעבן צו באַקומען אַ פּאָסטן צום סאָף פון די 50־ער יאָרן אַלס איבערזעצער אין דער קאָוונער אָפּטיילונג פון דער רוסלענדישער אייַזנבאַן־פאַרוואַלטונג. די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט געהערט צו אַ גרופּע פראַנצויזישע באַנקירן און האָט באַקומען דאָס רעכט צו דערבויען די אייַזנבאַן־ליניע פּעטערבורג—וואַרשע. מע האָט געדאַרפט אופשטעלן אַ גרויסע בריק איבערן ניעמאַן. ווען די אייַזנבאַן־סטאַנציע איז אין קאָוונע געעפנט גע־וואָרן, האָט לעוויטאַן באַקומען דעם פּאָסטן פון אַ קאַסיר. אין אַ צייַט אַרום האָט מען אים איבערגעפירט אַרבעטן קיין ווערזשבאָלאָווע (איצט ווירבאַליס).

ביז אָנהייב פון די 60־ער יאָרן פונעם פּאַריקן יה. איז ווערזשבאָלאָווע, וועלכע האָט זיך געפונען אױף א מעהאַלעך פון איין וויאַרסט פון דער פּרײַסישער גרעניץ־שטאָט אײדוקונען, געווען א פּאַרוואָרפן שטעטל. אָבער נאָכן דורכפירן די אײַזנבאַן־ליניע פּעטערבורג — ווארשע האָט דער ייִשוב באַקומען א גרעסערע באַדײַטונג און איז פּאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם צווייטן וויכטיקן גרענעץ־פּונקט אין רוסלאַנד. דורך ווערזשבאָלאָווע פלעג אין מעשעך פון פינף ווינטער־כאָדאָשים, ווען דער פּעטערבורגער פּאָרט איז געווען באַדעקט מיט אײַז, דורכגיין דער עקספּאָרט און דער אימפּאָרט פון פיל מינים סכוירעס.

די מישפּאָכע לעוויטאַן האָט געוווינט אין דער פּאַרשטאָט ווערזשבאָלאָווע, אין ייִשעוו קיבאַרטי. דעם 30 אויגוסט 1860 איז בא די לעוויטאַנס געבוירן געוואָרן דער צווייטער זון. מע האָט אים א נאָמען געגעבן איסאַק.

די לעוויטאַנס האָבן מאַטעריעל געלעבט ניט שלעכט. זייער לאַגע האָט זיך נאָך מער פאַרבעסערט, ווען דער פאָטער האָט באַקומען דעם אמט פון קאָנטראָליאָר. די מישפּאָכע איז איבערגעפּאָרן ווערן קיין לענטאָוואַראָווע (איצט לענטוואַריס), ניט ווײַט פון ווילנע, אָבער אין א יאָר ארום האָט לעוויטאַן אױף א קורצער צײַט צוריקגעפירט דאָס ווײַב און די קינדער קיין קאָוונע.

עס איז געווען די צײַט פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג אין רוסלאַנד. דאָס לאַנד האָט זיך געניטיקט אין ספּעציאַליסטן פאַר דער אינדוסטריע, בויונג, האַנדל און פאַר אַנדערע געזעלשאַפטלעכע באַדערפענישן. די צאַרישע רעגירונג איז געווען געצוווּנגען אײַנצוגיין אױף געוויסע האַנאָכעס אין דער רעכטלעכער לאַגע פון ייִדן־באַלמעלאָכעס. דעם 26 יון 1865 האָט אַלעקסאַנדער II אונטערגעשריבן דעם געזעץ, לויט וועלכן ייִדן־האַנטווערקער איז געווען דערלויבט צו באַזעצן זיך אומעטום אין רוסלאַנד און מיטנעמען מיט זיך זייערע מישפּאָכעס. זיי זײַנען אָבער געבליבן צוגעשריבן צו זייער אַלטן וווינאָרט אין טכום־האַמוישעוו.

א סאַך ייִדן־באַלמעלאָכעס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט קיין מאָסקווע. די שטאָט האָט אומופּהערלעך זיך געניטיקט אין א גרויסער צאָל קוואַליפיצירטע אַרבעטער אין אַלע געביטן פון דער פּראָדוקציע. ביז דעם גײַעם געזעץ איז די אײַנגעזעסענע ייִדישע באַפעלקערונג אין מאָסקווע געווען גאָר קליין אין צאָל. זי איז באַשטאַנען דעריקער פון אויסגעדינטע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געהאַט דאָס רעכט צו וווינען אויסערן טכום.

מאָסקווע איז צום אָנהייב פון די 60־ער יאָרן געווען דער צענטער פון פאַרשיידענע אײַזנבאַן־פּראָיעקטן. באַגלײַך מיט פּריוואַטע געזעלשאַפטן אױף צו

בויען אײַזנבאַן־ליניעס איז אין מאָסקווע אויך געווען די קאָנטאָר פון דער הויפּט־געזעלשאַפט פון די רוסישע אײַזנבאַנען, וועלכע האָט סײַ זיך פאַרנומען מיטן דערבויען די ליניע פּעטערבורג—וואַרשע, סײַ באַקומען דאָס רעכט צו בויען נײַע ליניעס: מאָסקווע—אָריאָל—כאַרקאָוו—פעאָדאָסיע, מאָסקווע—ניזשני־נאָוו־גאָראָד און אָריאָל—ליבאַווע. אין 1886 האָט זי אָפּגעקויפט בא דער צאַרישער רעגירונג די ניקאָלײַעווער אײַזנבאַן־ליניע. עליאַש לעוויטאַן אַלס אָנגעשטעלטער פון אָט דער געזעלשאַפט, האָבנדיק די דאָקומענטן פון אַ באַלמעלאָכע, וואָס איז צוגעשריבן אין שטעטל קײַדאַן פון דער קאָוונער גובערניע, איז איבערגעפאָרן קיין מאָסקווע מיט זײַן פרוי און פיר קינדער — צוויי זין און צוויי טעכטער.

דער עלטערער זון אַוועל האָט פאַרמאָגט גרויסע פעיִקייטן אין מאָלערײַ, און דער פאָטער האָט באַשלאָסן אים אָפּצוגעבן אין דער מאָסקווער שול פון מאָלערײַ, סקולפּטור און בוי־קונסט. אין 1871 האָט אַוועל אויסגעהאַלטן די אײַנטריט־עקזאַמענעס און איז פאַרעכנט געוואָרן אַלס שילער. דער צווייטער זון, איסאַק, האָט פאַרמאָגט נאָך גרעסערע פעיִקייטן אין מאָלערײַ און פאַרגלײַך מיט זײַן עלטערן ברודער...

דעם 18 אויגוסט 1873 האָט לעוויטאַנס מישפּאָכע געפײַערט איסאַקס באַרמיצווע. פונעם פאָטער האָט ער באַקומען אַ מאַטאָנע 15 רובל. אין אָט דעם טאָג איז ער אַוועקגעגאַנגען אין ראַט פון דער מאָסקווער קונסט־געזעל־שאַפט מיט אַ „פּראָשעניע", אין וועלכער ער האָט געשריבן:

„איך בעט האַכנאָעדיק מיך אויפנעמען אין דער שול פאַר מאָלערײַ, סקולפּ־טור און בוי־קונסט. איך בין גרייט זיך שטעלן צו די געהעריקע עקזאַמענעס, קעדיי אויפגענומען ווערן אַלס שילער אין דער שול.

צו מײַן „פּראָשעניע" האָב איך בײַגעלייגט 15 רובל און די ראַבינער־צײַ־געניש נומער 21.

איסאַק לעוויטאַן

מיט ווינונג בין איך באַזאָרגט: איך וווין אויף דער סאָליאַנקע אין זינאָ־וויעווס הויז".

אין צוויי וואָכן אַרום איז איסאַק לעוויטאַן געוואָרן אַ שילער פון דער מאָסקווער שול פאַר מאָלערײַ, סקולפּטור און בוי־קונסט. אין דער שול־געבײַדע מיט דער קאָלאָנאַדע באַם פּאָסאַד אויף מיאַסניצקי־גאַס (איצט קיראָוו־גאַס) האָט אַמאָל אין די צײַטן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן זיך געפונען די מאַסאָנען־לאָזשע, שפּעטער האָט זי אַ שטיק צײַט געשראָקן די מאָסקווער אָבערגלויבע־

רישע אײַנוווינער מיט „שרעקלעכע געשפּענסטער“. די געבײַדע שטייט גאַנץ ביז הײַנט־צו־טאָג, און בישכיינעס מיט איר גאָפּינט זיך די רעדאַקציע פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“.

די שול איז אַנטשטאַנען אין 1832 אַלס א „נאַטור־קלאַס“. שפּעטער האָט זי אָנגענומען דעם נאָמען „קינסטלערישער קלאַס“ און אין 1843 האָט זי ווידער געביטן דעם נאָמען אויף „שול פאַר מאָלערײַ און סקולפּטור“. אין 1865 האָט מען געעפנט די אַרכיטעקטור־אָפּטיילונג, און די שול האָט באַקומען דאָס רעכט צו באַלוינען די אַרבעטן פון אירע טאַלאַנטירטע תּלמידים מיט זילבערנע מעדאַלן[1].

אין דער צײַט, ווען לעוויטאַן האָט אָנגעהויבן דאָרט לערנען, האָט די שול געהאַט א שעם מיט איר דעמאָקראַטישקייט. אין די אַודיטאָריעס־וואַרשטאַטן האָבן נאָך געהערשט די טראַדיציעס פון א. ג. ווענעציאַנאָוו, וו. א. טראָפּינינען און ב. א. פּעדאָטאָוו. עס זײַנען טעטיק אַלס לערער די מאָלער־רעאַליסטן וו. ג. פּעראָוו, א. ק. סאַווראַסאָוו, אי. מ. פּריאַנישניקאָוו — דער גרינדער פון דער געזעלשאַפט פון די „פּערעדוויזשניקעס“. דאָס איז געווען א דעמאָקראַטישע קינסטלער־פאַרייניקונג. די מיטגלידער אירע האָבן איבערגעריסן די פאַרבינדונגען מיט דער אידעאַליסטישער אַקאַדעמישער עסטעטיק און זיך געווענדט צו דער רעאַליסטישער אָפּשפּיגלונג פונעם לעבן פון דעם פאָלק און פון זײַן געשיכטע. אין זייערע ווערק האָבן די „פּערעדוויזשניקעס“ דעמאַסקירט די סיסטעם פון לײַב־אייגנטום, די פאַרברעכנס פונעם קאַפּיטאַליזם. טאַקע אין דער שול פלעגן פאָרקומען פאַרזאַמלונגען פון דער געזעלשאַפט, עס פלעגן אײַנגעאָרדנט ווערן אויסשטעלונגען פון די בילדער פון אירע מיטגלידער.

לעוויטאַן האָט אַלעמען אַנציקט מיט זײַן אויסערגעוויינלעכער אָריגינעלקייט פון אויפאַסן דיווירקלעכקייט מיט זײַן פענאָמענאַלן זע־זיקאָרן. ער האָט געאַרבעט רעגולער און מיט אַזאַ אָנשטרענגונג, אַף וועלכער ס׳זײַנען טיילמאָל ניט מעסוגל אַפילע דערוואַקסענע מאָלער. בײַסן איבערפירן אים אין צווייטן קלאַס האָט דער פּעדאַגאָגישער ראַט אים באַלוינט מיט א קעסטעלע פאַרבן און צוויי טוץ פּענדזלען. דאָס איז געווען א היפּשע מאַטאָנע. פאַרבן צום מאָלן און קינסטלער־פּענדזלען האָבן דעמלט געקאָסט זייער טײַער.

אין 1875 איז פאַרשלאַפט געוואָרן און אינגיכן געשטאָרבן לעוויטאַנס מוטער בערטע מאָיסייעוונע. דער טאַטע האָט זייער שווער איבערגעלעבט די

[1] מיט גרויסע און קליינע גאָלדענע מעדאַלן האָט בלויז די קונסט־אַקאַדעמיע געהאַט דאָס רעכט צו באַלוינען.

אווײרע, אױף זײַנע פּלײצעס איז געפֿאַלן די לאַסט פֿון באַזאָרגן און באַדינען די גאַנצע מישפּחה, און ער גופֿא איז אײנגיכן אויך ערנסט קראַנק געװאָרן. װײַזט אויס, אַז ער האָט דעמלט געמוזט פֿאַרלאָזן זײַן אַרבעט אין דער הױפּט־געזעלשאַפֿט פֿון דער רוסישער אײַזנבאַן און זיך פֿאַרנעמען מיט הױז־לערערײַ אין פֿאַרמעגלעכע ייִדישע הײַזער. די קנאַפּע פֿאַרדינסטן האָבן ניט געקלעקט אױף אױסצוהאַלטן די גרױסע מישפּחה. די אָרעמקײַט איז געװען אַזױ שטאַרק און זיך אַזױ געװאָרפֿן אין די אױגן, אַז די קונסט־שול האָט פֿון צײַט צו צײַט געמוזט שטיצן די ברידער לעװיטאַן און, אָנהײבנדיק פֿונעם יאָר 1876, זײ באַפֿרײַען פֿון צאָלן סכאַרלימעד.

א נײַע צאָרע אין הױז פֿון די לעװיטאַנס האָט אױף זיך ניט געלאָזט װאַרטן.

אין מאָסקװע איז דער סאַניטאַרער מאַצעװ געװען זײער א שװאַכער. פֿאַרשײדענע אָנשטעקנדיקע קראַנקײַטן האָבן זיך אָפֿט פֿאַרשפּרײט אין שטאָט מיט א הױכן פּראָצענט שטערבלעכקײַט צװישן דער אָרעמער באַפֿעלקערונג. אין אָנהײב 1878 איז אין שטאָט אױסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פֿון בױך־טיפֿוס. די עפּידעמיע האָט געטראָפֿן דעם יונגן לעװיטאַן און זײַן פֿאָטער. מע האָט זײ בײדע אװעקגעפֿירט אין פֿאַרשײדענע שפּיטאָלן. װען איסאַק האָט נאָכן געזונט װערן זיך אומגעקערט אַהײם, איז ער געװױר געװאָרן, אַז דער פֿאָטער איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל. פֿאַר די פֿיר קלײנלעכיקע יתומים איז געקומען א צײַט פֿון שװערער נױט.

לעװיטאַן האָט דאַן באַזוכט דעם 4־טן „נאַטור"־קלאַס — זיך געלערנט צײכענען און אָפּמאָלן פֿון דער נאַטור. זײַן קלאַסן־אָנפֿירער איז געװען װ. ג. פּעראָװ.

פּעראָװ איז געװען באַװוּסט מיט זײַנע אַנטשײדענע און שטאַנדהאַפֿטיקע דעמאָקראַטישע איבערצײַגונגען. ניט קוקנדיק אױף זײַן פּאָפּולערקײַט און אווטאָריטעט, האָט ער אױף די שילער ניט אַרופֿגעצװוּנגען זײַנע אָנשױיונגען און מײנונגען. פּאַראַלעל מיט דער לערן־פּראָגראַם האָט ער פּראַקטיקירט שמועסן װעגן קונסט. יעדער שילער איז בײַ אים געװען פֿאַררעכנט פֿאַר א ייִנגערן ברודער אין דער קונסט, מיט זײַן באַזונדערער שעפֿערישער אינדיװידואַליטעט. דער לערער האָט געהאַלטן פֿאַר זײַן אױפֿגאַבע — העלפֿן דער דאָזיקער שעפֿערישער אינדיװידואַליטעט צו אַנטװיקלען אין זיך די באַאָבאַכטערישקײַט און דעם קינסטלערישן געשמאַק. ער האָט גערופֿן די תּלמידים, זײ זאָלן זײַן פּאַרטײדיקער פֿונעם עמעס אין דער קונסט, קעמפֿער פֿאַר גרױסע הומאַניסטישע אידעאַלן. פּעראָװ האָט באַהױפּטעט, אַז אין קלאַס באַקומט דער מאָלער בלױז דעם אַלעפֿ־

בייס פון זייַן פאַך, און די עכטע קונסט דאַרף מען זיך לערנען בא דעם קאָפּיקן, שטראָמיקן לעבן, וואָס פּאָזירט ניט אויפן קאַזיאָנעם פּיעדעסטאַל.

פּעראָוו פלעג אָפט פאַרבעטן די שילער צו זיך. ער האָט געוווינט אין דער שול־געבייַדע. בא זיך אינדערהיים איז ער געווען א גאַסטפרייַנטלעכער און שאַרפזיניקער באַלעבאָס. די שילער האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט באַגייַסטערונג. אויף לעוויטאַנען האָט ער אויך געהאַט א שטאַרקע האָפענונג.

א. ק. סאַווראַסאָוו איז געווען פּעראָווס א נאָענטער פרייַנט. ווען סאַווראַסאָוו האָט באַמערקט, אז דער יונגער לעוויטאַן ווייַזט אַרויס א באַזונדערן אינטערעס צו פּייזאַזש־מאָלערייַ, האָט ער אים גענומען צו זיך אין זייַן אַטעליע.

סאַווראַסאָוו האָט שוין א יאָר צוואַנציק געאַרבעט אַלס לערער אין דער שול. ער איז געווען א מאָלער פון סובטילן לירישן טאַלאַנט, וועלכער האָט לייַדנשאַפטלעך ליב געהאַט די נאַטור און וועלכער האָט אַקשאָנעסדיק געזוכט די קינסטלערישע מיטלען אויף אויסצודריקן איר מוזיק. ער האָט געפאָדערט פון זייַנע טאַלמידים, זיי זאָלן קוידעמקאָל באַזייַטיקן די רעאַלע פאָרמען פון דער נאַטור, די געזעצן פון באַלייַכטונג און קאָליר. נאָך אין 1868 האָט סאַווראַסאָוו אָרגאַניזירט, באַנוצנדיק זיך מיטן מעטאָד פון גייַן מיטן וועג פונעם פּאָשעטן צום קאָמפּליצירטן, א שול פאַר אָנפאַנגלעכן דערלערנען דעם פּייזאַזש. ער האָט געלערנט, אז א מאָלער א פּייזאַזשיסט דאַרף קוידעמקאָל זיך אייַנגייען די קלאַסיפיקאַציע פון קאָלערליי מינים פלאַנצן. צוליב דעם האָט מען אין זייַן אַטעליע צוערשט געצייכנט צווייַגעלעך און בלומען, מאָלנדיק זיי קימאַט מיט באָטאַנישער פּינקטלעכקייַט. דערנאָך האָט מען געמאָלט באַזונדערע צווייַגן, טיילן פון שטאַמען, ביימער־שפּיצן און גאַנצע ביימער מיט זייערע טיפּישע קאָנטורן. דער קורס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אָנמאָלן עטלעכע נאַטור־בילדער און סצענעס פונעם דאָרפישן לעבן.

ווינטער האָבן די שילער קאָפּירט אָריגינאַלן מיט בלייַער און פאַרבן. סאַווראַסאָוו זעלבסט האָט געמאָלט זייַנע בילדער אין אַטעליע אין דער אָנוועזנהייַט פון די שילער. ער פלעג זיי דערבייַ דערציילן וועגן זייַנע רייַזעס איבער רוסלאַנד, דייַטשלאַנד, פראַנקרייַך, ענגלאַנד, וועגן די שעדעווערס פון דער וועלטקונסט, וועלכע ער האָט געהאַט די מעגלעכקייַט צו זען אין אָריגינאַל.

סאַווראַסאָוו האָט געלערנט זייַנע שילער, זיי זאָלן באַטראַכטן די נאַטור מיט די אויגן פון פּאָעטן, שפּירן איר שיינקייַט אין טאָגטעגלעכן אויסדרוק, ער האָט געפאָדערט שטרענג אָפּקלייַבן די סוזשעטן, דורכטראַכטן פון אַלע זייַטן די קאָמפּאָזיציע, גענוי אויסרעכענען דעם פאַרבן־געברויך, אויסדריקן גענוי אין

די ווערק די אייגענע איבערלעבענישן, געדאנקען און געפילן. לעוויטאַן האָט בעשאַס די שפּאַצירן מיט סאַווראַסאָוון געוויינלעך פיל שנעלער געפונען פּרעכטיקע נאַטור־ווינקלער, און ער פלעגט זיך גלײַך אָוועקשטעלן מאָלן באַם ערשטן בעסטן קוסט.

סאַווראַסאָוו איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך מילדער מענטש. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געבייזערט און זיך ניט געשפּאַרט, גערעדט האָט ער שעמעוודיק און שטיל. לעוויטאַנען האָט ער ליב באַקומען מיט דער גאַנצער קראַפט פון זײַן אופריכטיק האַרץ. שטענדיק געווען צו אים אופמערקזאַם און מיט אַלע קויכעס געשטרעבט מיטצווווירקן זײַן אַנטוויקלונג, העלפן אים זיך אײַנשאַפן פעסטע פּראָפעסיאָנעלע מידעס.

אַף די אויסשטעלונגען פון די „פּערעדוויזשניקעס", וועלכע פלעגן זיך עפענען פרילינג אין דער מאָלערײַ־שול, זײַנען לויט פּעראָווס איניציאַטיוו אָרגאַניזירט געוואָרן שילער־אָפּטיילונגען מיט די בעסטע אַרבעטן פון די דערציגלינגען פון דער שול. דאָס, וואָס די דערציגלינגען האָבן אָנטיילגענומען אין די אויסשטעלונגען פון די „פּערעדוויזשניקעס", האָט געווירקט צום גוטן אַף זייער פּראָפעסיאָנאַליזירן זיך, ס'האָט זיי אויך געגעבן מאַטעריעלע שטיצע, ווײַל אַף די אויסשטעלונגען פלעג מען אָרגאַניזירן דעם פאַרקויף פון די עקספּאָנירטע קונסטווערק.

אין מאַרט 1877 האָט אין די זאַלן פון דער קונסט־שול זיך געעפנט די פינפטע אויסשטעלונג פון די „פּערעדוויזשניקעס". לויטן באַשלוס פונעם פּעדאַגאָגישן ראַט און פון דעם ראַט פון דער מאָסקווער מאָלער־געזעלשאַפט זײַנען אין דעם שילער־אָפּטייל אויסגעשטעלט געוואָרן לעוויטאַנס צוויי פּייזאַזשן: „אָוונט" און „א זוניקער טאָג". דער מאָלער איז דאַן אַלט געווען 16 יאָר, און די פּרעסע האָט שוין וועגן אים געשריבן. אין דער רעצענזיע וועגן דער 5־טער אויסשטעלונג פון די „פּערעדוויזשניקעס", וועלכע דער דאַן באַרימטער קריטיקער נ. אַלעקסאַנדראָוו האָט פאַרעפנטלעכט אין דער צײַטונג „רוסקיע וועדאָמאָסטי", האָט ער געשריבן: „דער פּייזאַזשיסט אי. לעוויטאַן האָט אויסגעשטעלט צוויי בילדער. לויט די דאָזיקע בילדער קאָן מען אָן ספק אורטיילן, אַז דער הער לעוויטאַן איז א טאַלאַנט אַן אויסערגעוויינלעכער". לעוויטאַנען האָט מען באַלוינט מיט דער קליינער זילבערנער מעדאַל און מיט 220 רובל, קעדיי „ער זאָל האָבן די מעגלעכקײַט פאָרצוזעצן זײַנע לימודים און קויפן פאַרבן". פאַרן נויטבאַדערפטיקן לעוויטאַנען איז עס געווען א היפּשע סומע. אין יענער צײַט האָבן קוואַליפיצירטע וועבער באַקומען פון 7 ביז 15 רובל א כוידעש; די גאַרבער האָבן

געארבעט 14—16 שאָ אין מעסלעס און באקומען באצאָלטס 6—9 רובל א מאָנאט; די וואלדהעקער און האָלצהעקער, וועלכע האָבן געארבעט אין די וועלדער פון אַרלאָווער גובערניע, האָט מען געצאָלט 17 קאָפּיקעס אין א זומער־טאָג און 33 קאָפּיקעס פאר טראנספּאָרטירן אין מעשעך פון א טאָג דאָס געהילץ, ווען זיי האָבן געארבעט מיט א פערד.

אין דעקאבער 1878 האָבן די שילער פון דער קונסט־שול געעפנט אונטער דער האזשגאָכע פון פּערצאָוון זייער ערשטע זעלבשטענדיקע אויסשטעלונג. לעוויטאן איז געווען פארטראָטן מיטן בילד „פייזאזש פונעם סימאָנאָווער מאָנאסטיר". דאָס בילד איז צו אונדז ניט דערגאנגען. פאראן ידיעס, אז עס האָט געמאכט א רוישעם און איז פארקויפט געוואָרן פאר 100 רובל.

צום סאָף פון די 70־ער יאָרן פונעם פאָריקן יה. איז אלס רעזולטאט פון די פארשארפטע סאָציאַל־פּאָליטישע ווידערשפּרוכן נאָך דער רוסיש־טערקישער מילכאָמע אנטשטאנען א רעוואָלוציאָנערע סיטואציע אין לאנד, ביים וועלכער די פויערישע און ארבעטער־באוועגונג האָט זיך געפּאָרט מיטן קאמף פון דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ, פון די „נאראָדניקעס". די רעגירונג איז געווען באומרויקט פון די סטודענטישע ארויסטרעטונגען קעגן צארישן רעזשים. אין דער געהיימער קאָרעספּאָנדענץ האָט מען אָנגעוויזן, אז א גרויסע צאָל קרייזלעך פון דער ייִדישער יוגנט זיינען פארמישט אין דער טעטיקייט פון די געהיימע רעגירונגס־פיינטלעכע געזעלשאפטן. דעם 2־טן אפּרעל האָט דער נאראָדניק א. ק. סאָלאָוויאָוו דורכגעפירט אן אומגעלונגענעם אטענטאט אף אלעקסאנדער דעם צווייטן. דער צאריזם האָט געענטפערט מיט אן אכזאָריעסדיקן טעראָר, פארשטארקט די רעדיפעס אף ייִדן. אין מיי 1879 האָט מען אָנגעהויבן ארויסשיקן די ייִדן פון מאָסקווע. לעוויטאן האָט צוזאמען מיט זיין ברודער אוןביידע שוועסטער געמוזט זיך איבערקלייבן קיין סאלטיקאָווקע, א דאָרף הינטער מאָסקווע.

אין סאלטיקאָווקע האָבן די לעוויטאנס געוווינט א גאנצן זומער. אין לאנד איז אלץ שטארקער געוואָרן די אומצופרידנקייט מיט די דורכפאלן פון דער רעגירונג אין איר פּאָליטיק. איינצייטיק האָט זיך פארשטארקט די טעראָריסטישע טעטיקייט פון די „נאראָדנאָוואָלצעס" און דאָס האָט געצוווּנגען די רעגירונג זיך באמיִען צו איבערציִען אף איר זייט די ליבעראלע קרייזן, געבנדיק מיזערנע האנאָכעס דער „עפנטלעכער מיינונג".

אדאנק דער הילף פון איינפלוסרייכע אונטערשטיצער האָט לעוויטאן באקומען א דערלויבעניש זיך אומצוקערן קיין מאָסקווע. אין יענער צייט האָט ער,

ווי עס האָט געשריבן איינער פֿון זײַנע ערשטע ביאָגראַפֿן ס. מ. שפּיצער, אַפֿילו ניט געהאַט קיין אָנשטענדיקע מאַלבושים. ער האָט געטראָגן א רויט העמדל, פֿאַרלאַטעטע הויזן מיט לעכער און אָפּגעטראָגענע שטיבלעטן אף די הוילע פֿיס. דעם 27 סענטיאַבער 1879 האָט ער באַקומען אן אײַנלאַדונג פֿון דער קאַנצעליאַריע פֿונעם מאָסקווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, ער זאָל זיך מעלדן צום פֿירשט וו. א. דאָלגאָרוקאָוו. אין גובערנאַטאָרס הויז האָט מען געדאַרפֿט קומען פֿײַן אָנגעטאָן. לעוויטאַן האָט געבאָרגט 40 רובל בא זײַן שוואָגער פּ. ז. בערטשאַנסקי און אים געגעבן א מאַשקן זײַן פּייזאַזש „אָפּדערנאַכט נאָכן רעגן". אונדז איז ניט באַוווּסט, מיט וועמען לעוויטאַן האָט זיך באַגעגנט אין הויז פֿונעם גובערנאַטאָר. עס איז נאָר באַוווּסט, אז דעם 2 אָקטיאַבער 1879 האָט דער פֿירשט דאָלגאָרוקאָוו געגעבן זײַן האַסקאָמע, אז לעוויטאַן זאָל באַקומען איינע פֿון די 4 סטיפּענדיעס אף זײַן נאָמען, וועלכע זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער קונסט־שול.

דעם 25 דעקאַבער 1879 האָט זיך געעפֿנט די צווייטע אויסשטעלונג פֿון די שילער־אַרבעטן. לעוויטאַן האָט אַרויסגעשטעלט 5 פּייזאַזשן: „די פֿאַרנאַכלעסיקטע סאָזשאַלקע", „דער לעצטער שטראַל", „אווינטער־נאַכט", „האַרבסט", „א דערפֿל". אין דעם בילד „האַרבסט" האָט לעוויטאַנס מיטשילער און פֿרײַנט אַנטאָן פּאַוולאָוויטש טשעכאָווס ברודער נ. פּ. טשעכאָוו אָנגעמאָלט די פֿיגור פֿון א יונגער פֿרוי אין א שוואַרצער קלייד, וועלכע גייט איבער דער סטעזשקע אין פּאַרק (אַזאַ צוזאַמענאַרבעט פֿון צוויי שול־כאַווײרים איז ניט געווען קיין צופֿעליקײַט: מע זאָגט, אז דעם פּאָן בא פּעראָווס באַרימטע פּייזאַזשן „דער פֿייגלפֿאַנגער" (1870) און „די יעגער אף אָפּרו" האָט געמאָלט סאַוראַסאָוו). אַוואַדע איז די שוואַרצע שטימונג פֿון דריקנדיקער אײַנזאַמקײַט, וועלכע עס האָט געטראָגן אין זיך לעוויטאַנס בילד, אויך ניט געווען קיין צופֿעליקײַט. באַטראַכטנדיק דאָס בילד „האַרבסט", האָבן די צושויער געפֿונען און דערשפּירט זײַן טיפֿן באַהאַלטענעם זין. דאָס בילד שטעלט מיט זיך פֿאָר אן אַלעגאָרישן רעזאָנאַנס אף די פּאָליטישע פּראָצעסן פֿון די יאָרן 1878—1879 מיט זייערע אומבאַראַכמאָנעסדיקע אורטיילן. פֿאַר דעם בילד האָט באַצאָלט פּ. מ. טרעטיאַקאָוו, א רײַכער אייגנטימער פֿון טעקסטיל־פֿאַבריקן, וועלכער האָט, אָנהייבנדיק פֿונעם 1856, געזאַמלט ווערק פֿון רוסישער רעאַליסטישער קונסט און, אַזוי־אַרום, געשטיצט די דעמאָקראַטישע קרײַזן אין דער מאָלערײַ אין שפּיץ פֿון די „פּערעדוויזשניקעס". טרעטיאַקאָוו האָט אַרײַנגענומען דאָס בילד אין זײַן קאָלעקציע. דאָס האָט באַטײַט נאָך איין געזעלשאַפֿטלעכע אָנערקענונג פֿונעם

יונגן מאָלער. אויף דער פּאָלגנדיקער קונסט־אויסשטעלונג זײַנען געווען עקספּאָנירט לעוויטאנס 4 פּייזאזשן. קונסטקענער האָבן זיך אָפּגערופן מיט ליב וועגן זיי אין דער פּרעסע.

דעם 1 מארט 1881 האָט דער נאראָדאָוואָלעץ אי. אי. גרינעוויצקי געוואָרפן א באָמבע און דערהאַרגעט דעם צאַר אַלעקסאנדער דעם צווייטן. ער זעלבסט איז בעשאס דעם אטענטאט שטערבלעך פארווונדעט געוואָרן. די אָרגאניזאטאָרן און אָנטיילנעמער אינעם אטענטאט אי. אי. זשעליאבאָוו, ס. ל. פּעראָווסקאיא, נ. אי. קיבאלטשיטש, ט. מ. מיכײַלאָוו און נ. אי. ריסאקאָוו האָט מען אופגעהאנגען.

די הינריכטונג פון די העלדן פונעם 1־טן מארט האָט ארויסגערופן א פּראָטעסט־קאמפּאניע אין פארשיידענע לענדער פון דער וועלט. ס'איז אויך פאנאנדערגעוויקלט געוואָרן א קאמפּאניע אויף צו פארטיידיקן העסיע געלפמאן — איינע פון די פארמישפּטע, וואָס איר הינריכטונג איז אָפּגעלייגט געוואָרן צוליב דעם, וואָס זי איז געווען שוואנגער. פראנקרײַך האָט מער פון אלע לענדער זיך אָפּגערופן מיט פּראָטעסטן. אין פאריזש האָבן טויזנטער מענטשן זיך פארזאמלט אין צירק „פערנאנדאָ". אפן מיטינג איז ארויסגעטראָטן דער גענעראל פון דער פּאריזשער קאָמונע עמיל עד. אין דער טעלעגראמע פון די פּוילישע סאָציאַליסטן איז געזאָגט געוואָרן: „דער זון, דער יוירעש פונעם טראָן, האָט איבערגעשטיגן דעם פאָטער. שרעקלעך זענען אויס די ליידן פון דער שוואנגעריקער פרוי העסיע געלפמאן אפן פּאָן פון די 5 טליעס. פארשאָלטן זאָלן זיי ביידע ווערן — דער פאָטער און דער זון!"

די רוסישע רעוואָליוציאָנערן־עמיגראנטן האָבן פון סאמע אָנהייב געוואָלט אָרגאניזירן די פארטיידיקונגס־קאמפּאניע פון העסיע געלפמאן אין א ברייטן פארנעם. פּ. א. קראָפּאָטקין, וועלכער האָט דאן געלעבט אין זשענעווע, האָט געשריבן פּ. ל. לאווראָוון קיין פאריזש: „מע דארף אָפּראטעווען ה. געלפמאן פון די דאָזיקע טאָרטורן! מע דארף וועקן די געזעלשאפטלעכע מיינונג אין אייראָפּע קעגן דעם רוסישן צארן!" אינגיכן איז קראָפּאָטקין אליין געפאָרן קיין פאריזש, באזוכט וויקטאָר הוגאָן און אים באקאנט געמאכט מיטן איניען. הוגאָ האָט אָנטיילגענומען אין דער קאמפּאניע אויף צו פארטיידיקן העסיע געלפמאן און אָנגעשריבן וועגן איר די ליד „יאָ, אומגעהייער גרויס איז דער גרויל". די קאמפּאניע אויף צו באגנעדיקן העסיע געלפמאן האָט ארומגעכאפּט אויך אנדערע לענדער. דער צאריזם האָט נישט געקאָנט מיט זיי זיך ניט רעכענען און פארביטן דעם

טויט־אורטייל אף לעבנסלענגלעכער טפיסע. געלפמאן איז אינגיכן געשטאָרבן אין טפיסע.

דאָס גאנצע פראָגרעסיווע רוסלאנד האָט פראָטעסטירט קעגן דעם בלוטיקן טעראָר פונעם צאריזם. זייער קאָל האָבן אופגעהויבן די רוסישע מאָלער. אי. יע. רעפין האָט אָנגעמאָלט ה. געלפמאנס פּאָרטרעט, אויסדריקנדיק אף אזא אויפן זיין מיטלייד און סימפאטיע. רעפין איז געווען אן איידעס פון דער היגריכ־טונג פון די „מארטאָווצעס". מיט א סאך יאָרן שפּעטער האָט ער געשריבן: „וואָס פאר א שוידערלעכע צייט דאָס איז געווען! איך געדענק אפילע די ברעטלעך אף דער ברוסט פון יעדן איינעם פון די פארורטיילטע מיטן אופשריפט „דעם צארס מערדער". איך געדענק אפילע זשעליאבאָווס גרויפארביקע הויזן און פעראָוו־סקאיאס שווארץ היטעלע"... אונטערן איינדרוק פון דעם ווילדן נעקאָמע־אקט קעגן די נאראָדאָוואָלצעס האָט רעפין זיך גענומען שאפן דאָס בילד „איוואן דער גרויזאמער", וואָס עס איז אופגענומען געוואָרן אלס פראָטעסט קעגן דער צארי־שער טיראניע. ניט אומזיסט האָט דער הויפט־פראָקוראָר פונעם הייליקן סינאָד, דער אָבסקוראנט פּאָבעדאָנאָסצעוו באפוילן, אז דאָס בילד זאָל באזייטיקט ווערן פון דער אויסשטעלונג. דער שווערער איינדרוק פונעם איבערפירן צו דער טליע די פארמישפּעטע „מארטאָווצעס", צווישן וועלכע עס איז אויך געווען סאָפיע פּע־ראָווסקאיא, האָט באוויגן וו. סוריקאָוון אָנמאָלן דאָס בילד „די באָיארינע מאָראָ־זאָווא". די פערזענלעכקייט פון דער באָיארינע פעאָדאָסיע מאָראָזאָווא, וועלכע איז אויסגעשטאנען אלע ניסיונעס און פייניקונגען, געבליבן טריי איר עמונע און געשטאָרבן אין פארשיקונג, איז אין יענער צייט אָפּגעשאצט געוואָרן אין די דע־מאָקראטישע קרייזן ווי א ביישפּיל פון גייסטיקער פעסטקייט און מאָראלישער שיינקייט. דערפאר טאקע איז פאר די מיטצייטלער ניט שווער געווען צו געפינען אן אונטערטעקסט צו דעם בילד „די באָיארינע מאָראָזאָווא" — דאָס בילד האָט אלעגאָריש דערציילט וועגן דעם רעוואָליוציאָנערן קאמף פון די נאראָדניקעס פאר זייערע איבערצייגונגען, וועגן זייער אויסגעהאלטנקייט, וועגן סאָפיע פּע־ראָווסקאיאן, דער ערשטער פרוי אין רוסלאנד, וועלכע איז ארופגעגאן אפן עשאַ־פאָט און מאקריוו געווען איר יונג לעבן פאר דער רעוואָליוציע.

אין די 70־ער יאָרן זיינען הונדערטער מענטשן פון דער פּאָלקס־אינטעלי־גענץ, דעריקער יונגעלייט, אוועק אין דאָרף, קעדיי צוצוגרייטן די פּויערישע מאַ־סע צום קומענדיקן אופשטאנד. באזונדערע אכט האָבן זיי געלייגט אף די געביטן בא דער וואָלגע און באם דאָן, ווו סטעפּאן ראזין און יעמעליאן פוגאטשאָוו האָבן אין זייער צייט געפירט די פּויערים אין באוואָפנטן קאמף קעגן זייערע הערשער.

לעוויטאן האָט צוגעזען ווי זײַן לערער וו. ג. פעראָוו האָט געאַרבעט ביים שאפן די טרילאָגיע וועגן דעם פויערים־אופשטאנד פון 1773—1775 אונטער דער אָנפירונג פון פוגאטשאָוון. פעראָוו האָט געהאט די מעגלעכקייט אָנצומאָלן נאָר איין טייל פון דער טרילאָגיע — „פוגאטשאָווס מישפעט". די שווערקייטן און רעדיפעס, וואָס דער מאָלער איז אויסגעשטאנען, האָבן געטאָן זייערס. ניט זײַענדיק נאָך אלט קיין 50 יאָר, איז ער געווען אינגאנצן צעבראָכן. לעוויטאן און זײַנע כאווירים האָבן מיט ווייטיק אין הארצן עס צוגעזען. זומער 1881 האָט לעוויטאן א שטיקל צײַט געלעבט אין מארפינאָ און אָסטאנקינאָ, אין הויז פון זײַן פרײַנט ניקאָלײַ קאסאטקין — איינעם פון פעראָווס באליבטע שילער. אין דעקאבער פונעם זעלבן יאָר האָט לעוויטאן באקומען א זילבערנע מעדאל פאר א צייכענונג פון דער נאטור. די צייכענונג מיט נאָך 3 אייל־געמעלן זײַנען געווען עקספאָנירט אף דער 4־טער שילער־אויסשטעלונג. דאָס איז געווען די לעצטע אויסשטעלונג, וואָס פעראָוו האָט אָרגאניזירט. אין די ווינטער־כאדאָשים איז ער קראנק געוואָרן אף לונגען־אָנצינדונג, און די דאָקטוירים האָבן בא אים אנטדעקט טובערקוליאָז. פרילינג האָט מען אים ארויסגעפירט אף דער דאטשע אין דאָרף קוזמינקי הינטער מאָסקווע, ווו ער איז געשטאָרבן דעם 29 מײַ 1882. די „פוגאטשאָווצעס" זײַנען געבליבן ניט פארענדיקט.

דעם 31־טן מײַ האָט לעוויטאן געשריבן קאסאטקינען: „עס איז געשטאָרבן פעראָוו. מיר נעמען צונויף געלט אף א קראנץ. די לעווײַע וועט זײַן מיטוואָך. ברענג אָדער שיק צו וויפל דו קענסט".

פעראָווס לעווײַע איז פארוואנדלט געוואָרן אין א דעמאָנסטראציע, וועלכע האָט אויסגעדריקט דעם סאָציאלן זין פון דער שאפונג פונעם גרויסן קינסטלער־דעמאָקראט. א געדיכטער אוילעם, וועלכער איז באשטאנען דעריקער פון דער פאָרגעשריטענער מאָסקווער אינטעליגענץ, האָט זיך לאנגזאם באוועגט אפן וועג צום דאנילאָווער מאָנאסטיר, ווו עס איז געבראכט געוואָרן צו קווורע ג. וו. גאָגאל און לעצטנס — ניקאָלײַ רובינשטיין. אין שפיץ פון דער פראָצעסיע זײַנען געגאנגען פעראָווס שילער. צווישן זיי איז געווען לעוויטאן.

דער רעאקציאָנערער קורס האָט באזונדערס בוילעט זיך געלאָזט פילן אפן געביט פון בילדונג און קולטור. העיויס די קונסט־שול איז געשטאנען אונטער אן אופזיכט פונעם מיניסטעריום פון דעם צארישן הויז, האָט מען נאָך אין 1881 פון דאָרט באזײַטיקט דעם אינספעקטאָר ק. א. טרוטאָווסקין, א באוווסטן זשאנער־מאָלער, א פרײַנט פון וו. ג. פעראָוון, א. ק. סאווראסאָוון, פונעם דראמאטורג

א. נ. אָסטראָווסקין — דערפאר ווייל יענער האָט דערלויבט, אַז אין די לערער־ און שילער־קרייזן זאָלן אריינדרינגען דעמאָקראטישע שטימונגען און אידייען.

אין העסקעם מיט די נייע אינסטרוקציעס האָט מען אין דער קונסט־שול איינגעפירט א פּאָליציייִשן רעזשים. מע האָט נאָך די לערער און שילער נאָכגע־שפּירט ניט בלויז אין אטעליע, נאָר אויך אויסער דער שול. אין א קורצער צייט ארום נאָך פּראָווס טויט האָט סאווראסאָוו, וועלכער האָט זיך דערלויבט צו קרי־טיקירן די רעאקציאָנערע פּאָליטיק, באקומען א לאקאָנישע שריפט פון דער שול־קאנצעליאריע:

„דעם הער לערער פון דער שול פאר מאָלעריי, סקולפּטור און בוי־קונסט, דעם אקאדעמיקער, הויף־ראטגעבער סאווראסאָוון.

מיר זיינען באופטראָגט פונעם שול־ראט אייך צו מעלדן, אַז אָנהייבנדיק פון 22־טן מיי ד. י. זייט איר באפרייט פון אייער אמט.

סעקרעטאר פון שול־ראט לעוו זשעמטשוזשניקאָוו".

פאר לעוויטאנען, וועלכער האָט גרענעצלאָז ליב געהאט סאווראסאָוון, איז דאָס געווען א שווערע איבערלעבעניש.

בייס די זומער־קאניקולן זיינען די שילער זיך צעפאָרן אין פארשיידענע ערטער, קעדיי צו מאָלן עטיודן און בילדער. די מער פארמעגלעכע האָבן אונטער־גענומען רייזעס איבערן לאנד און קיין אויסלאנד. אָבער אַזעלכע זיינען געווען ווייניק. אין מאָסקווע זיינען געבליבן די, וועלכע האָבן ניט געהאט וווּהין זיך אהינצוטאָן. לעוויטאן איז אויך געווען צווישן זיי. בעשאס די זומער־קאניקולן האָט ער געמאָלט פּייזאזשן פון דער געגנט הינטער מאָסקווע, געגעבן פּריוואטע שטונדן, אָנגענומען באשטעלונגען, אפילו פּאָרטרעטן פון פאָטאָגראפיעס. אייניקע שילער האָבן זיך אָנגעדונגען אין קלויסטערס צו באמאָלן די ווענט. דאָס איז גע־ווען די בעסט־באצאָלטע ארבעט, און די שילער, וועלכע האָבן זיך מיט דעם פארנומען, פלעגן אָפט אָפּשפּאָרן אַף צו לעבן דעם גאנצן ווינטער. לעוויטאנען האָבן די קלויסטער־לייט אַף ארבעט ניט גענומען איבער זיין ניט־קריסטלעכן גלויבן.

נאָך דעם, ווי מ'האָט סאווראסאָוון באפרייט פון דער ארבעט אין שול, האָט לעוויטאן מער ניט געהאט בא וועמען זיך צו לערנען. ער האָט געהאט בעדייע ארייננצוטרעטן אין דער קונסט־אקאדעמיע, און דעם 10 אָקטיאבער 1882 האָט ער אָנגעגעבן א „פּראָשעניע" דעם פּעדאגאָגישן ראט פון דער קונסט־שול, מע זאָל אים דערלויבן אָפּגעבן עקזאמענעס אין אָקטיאבער און אין נאָיאבער לויט די אלגעמיינע לימודים פארן פינפטן קלאס.

דער באַרימטער רוסישער מאָלער א. יאַ. גאָלאָווין האָט אין זײַנע מעמואַרן פאַר יענער צײַט געשריבן וועגן לעוויטאַנען:

„מײַן כאַווער אין דער מאָסקווער שול איז געווען לעוויטאַן, איינער פון די סימפאַטישסטע פּערזענלעכקײַטן צווישן די מאָלער, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען. ער איז אין טאָג געווען אַן אַריסטאָקראַט, אַף דורך און דורך, אין בעסטן זין פון וואָרט... דער סאַמע כאַראַקטעריסטישער שטריך לעוויטאַנס איז געווען גראַציעזקײַט — א גראַציעזער מענטש פון קאָפּ ביז די פיס. ער האָט פאַרמאָגט א צאַרטע נעשאָמע. יעדע באַגעגעניש מיט לעוויטאַנען האָט איבערגעלאָזט א ליכטיקן שפּור. באַגעגענענדיק זיך מיט אים, ריידנדיק א פּאָר געציילטע ווערטער, האָט מען באַלד דערפילט, אַז עס איז געוואָרן פרייליכער אַפן האַרצן, אַף אַזויפיל האָט ער פאַרמאָגט נאָבעלע צאַרטקײַט.

בײַס כ'האָב זיך געלערנט אין דער מאָלערײַ־שול האָט מען שוין גערעדט וועגן לעוויטאַנען ווי וועגן א גרויסן טאַלאַנט".

אַף דער 5־טער שילער־אויסשטעלונג האָט איסאַק לעוויטאַן עקספּאָנירט פּייזאַזשן: „די פּאַסעקע", „אַן עטיוד", „פרילינג אין וואַלד", „דער זומפּ פאַרנאַכט". פרילינג 1883 האָט לעוויטאַן פאַרענדיקט דעם קורס פון אַלגעמיינע לימודים. זומער האָט ער פיל געאַרבעט. זײַנע מאָלערײַען און צייכענונגען האָבן זיך באַוויזן אין מ. פּ. פּאַבריצ׳וסעס בוך „דער קרעמל אין מאָסקווע". אין דער 6־טער שילער־אויסשטעלונג האָט ער אָנטיילגענומען מיט 6 עטיודן. 4 פּייזאַזשן זײַנען פאַרקויפט געוואָרן פאַר 305 רובל. דער מאָלער האָט זיך שטאַרק גענייטיקט אין געלט — זײַן שוועסטער איז קראַנק געוואָרן אַף טובערקולאָז.

דער שוועסטערס קראַנקײַט האָט אים פאַרשאַפט פיל צאָרעס, אָבער ניט נאָר די אייגענע צאָרעס האָבן געמוטשעט דעם שפּירעוודיקן יונגן מאָלער. מ. וו. נעסטעראָוו, וועלכער האָט זיך געכאַווערט מיט לעוויטאַנען אין די יונגע יאָרן, דערמאָנט זיך: „לעוויטאַנס דערפאָלג אַף די אויסשטעלונגען האָבן אים פאַרשאַפט א היפּש ביסל אַגמעסנעפעש. ניט נאָר די „סאַליערים", נאָר אפילע די „מאָצאַרטס" פון יענע טעג (און אפילע שפּעטער אויך) זײַנען ניט פרײַ געווען פון קינע געפיל פון קינע צום גרויסן טאַלאַנט פון זייער יונגן קאָלעגע".

לעוויטאַן האָט אַרויסגעשטעלט פאַרן פּעדאַגאָגישן ראַט א בילד אַלס פּרעטענדענט צו באַקומען די גרויסע זילבערנע מעדאַל. ווער עס האָט באַקומען אַזא מעדאַל, האָט געהאַט דאָס רעכט, אַלס קלאַסישער מאָלער, אַרײַנצוטרעטן אין דער אַקאַדעמיע. נ. א. קאַסאַטקין האָט געשריבן אין זײַנע זיכרוינעס, אַז לעווי־

טאנס בילד האָט פאָרגעשטעלט א פעלד מיט סנאָפּעס ווייץ. לעוויטאן האָט צוערשט געוויזן דאָס בילד סאווראסאָוון, און דער אקאדעמיקער, וועלכער איז ארויסגעטריבן געוואָרן פון דער שול, האָט אָנגעשריבן אף דער לינקער זײַט: „די גרויסע זילבערנע מעדאל". דער פעדאגאָגישער ראט האָט אָבער דאָס בילד ניט אָנגענומען. דעמלט האָט לעוויטאן אָנגעהויבן מאָלן אן אנדער בילד — „אין אָוונט אפן אקער־פעלד". דאָס איז געווען ניט קיין פּאַשעטער דאָרפישער פּייזאזש, נאָר אן אלעגאָריע, וועלכע האָט אויסגעדריקט דעם פראָטעסט קעגן דער עקזיס־טירנדיקער רעאקציע, דעם דראנג צו א גערעכטער סאָציאלער אָרדענונג, דעם גלויבן אין דער ליכטיקער צוקונפט. דאָס בילד האָט בא די צושויער ארויסגערופן אסאָציאציעס מיט נ. א. נעקראסאָווס רעוואָלוציאָנערער ליד:

ס'וערן שוואכער די קויכעס
אף די עלטערע יאָרן.
קילער די בלוטן,
שוואך דער זיקאָרן.
צי איז מיר טאקע
ביז מײַן טויט ניט באשערט
צו זען דיך א פרײַע,
מײַן היימלאנד, מײַן ערד?

כ'וואָלט פאר מײַן שטארבן
כאָטש וויסן געוואָלט,
צי גייסטו פאָרויס
מיט א זיכערן טראָט,
צי זען וועט דער פויער
באם פארזייען זײַן פעלד,
ווי דער ליכטיקער טאָג
אף זײַן פעלד זיך צעהעלט?

צי וועט ווען דער ווינט
פונעם היימישן דאָרף
דערטראָגן א מונטערן קלאנג
צו מײַן אויער,
אָן מענטשלעכע ליידן,
אָן טרערן און טרויער?

לעוויטאן האָט דאָס בילד „אין אָוונט אפן אקער־פעלד" פאָרגעשטעלט צום מישפּעט פון דער געזעלשאפט פון די „פּערעדוויזשניקעס". די אלגעמיינע פאר־זאמלונג פון דער קאָלעגיע האָט אָנגענומען לעוויטאנען אין דער געמיינשאפט פון אירע עקספּאָנאטן. דאָס בילד „אין אָוונט אף דעם אקער־פעלד" האָט זיך באוויזן אף דער 12־טער עקספּאָזיציע פון די „פּערעדוויזשניקעס". אָנהייבנדיק פונעם 6־טן אפּרעל ביז דעם 9־טן מײַ, איז די אויסשטעלונג געווען אָפן אין מאָסקווע. נאָר איידער זי איז געשלאָסן געוואָרן, האָט דער פעדאגאָגישער ראט פון דער קונסט־שול אויסגעשלאָסן לעוויטאנען פאר ניט באזוכן די לעקציעס און אים פאָרגעלייגט צו באקומען א דיפּלאָם פון א ניט־קלאסישן מאָלער, וועלכער גיט דאָס רעכט צו זײַן א לערער פון מאָלערײַ.

אין יענער צײַט האָט די רעגירונג באַשולדיקט די שילער — ייִדן לויט דער נאַציאָנאַליטעט, אַז באַגלײַך מיט די רעוואָלוציאָנערן זײַנען זיי פֿאַרשפּרייטער פֿון שעדלעכע אידייען, שולדיקע אין דער דעמאָראַליזאַציע פֿון דער יוגנט.

נאָך אין 1883 האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר גורקאָ געמאָלדן אין זײַן ראַפּאָרט אויפֿן נאָמען פֿונעם צאַר, אַז עס איז נייטיק באַגרענעצן די צאָל פֿון די ייִדן אין די גימנאַזיעס און פּראָגימנאַזיעס. די דאָזיקע מעלדונג האָט אַרויסגערופֿן אַ באַמערקונג פֿון אַלעקסאַנדער דעם דריטן: „איך בין אויך אין דעם איבערצײַגט“. אויף דעם טייל פֿונעם באַריכט, ווו עס איז געגאַנגען אַ רייד וועגן דער שעדלעכער ווירקונג פֿון די שילער ייִדן אויף זייערע קריסטלעכע מיטשילער, האָט דער צאַר אָנגעשריבן: „דאָס דאַרף גענומען ווערן אין אַכט“.

דער מיניסטאָרן־קאַבינעט האָט מיט ברען אָנגעהויבן אויספֿילן דעם צאַרס אָנווײַזונג. אומעטום האָט מען אָנגענומען אַקטיווע מיטלען, קעדיי פּאָטער ווערן אין די לערן־אַנשטאַלטן פֿון ייִדישע שילער. לעוויטאַן האָט געהערט צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע.

אין מעשך פֿון דעם גאַנצן זומער האָט ער געאַרבעט הינטער זוועניגאָראָד, אויף דער סאַווינער סלאָבאָדקע. דאָס אָרט האָט מען אָנגערופֿן „די רוסישע שווייצאַריע“. לעוויטאַן האָט דאָרט געוווינט אינאיינעם מיט זײַן מיטשילער וו. וו. פּערעפּליאָטשיקאָוו. איינמאָל איז צו זיי געקומען דער מאָלער־פּייזאַזשיסט ל. ל. קאַמענעוו, סאַווראַסאָווס אַ געוועזענער שילער, וועלכער איז שפּעטער געווען איינער פֿון די גרינדער פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿון די „פּערעדוויזשניקעס“. ווען ער האָט זיך באַקאַנט מיט די אַרבעטן פֿון די יונגע מאָלער, האָט ער געזאָגט: „שוין געקומען די צײַט פֿאַר אונדז מיט סאַווראַסאָוון צו שטאַרבן“.

ערעוו דעם נײַעם לערניאָר האָט לעוויטאַן אָנגעגעבן אַ „פּראָשעניע“, אין וועלכער ער האָט, פּראָטעסטירנדיק קעגן אויסשליסן אים פֿון דער שול, אָנגעוויזן: „די וויסנשאַפֿטלעכע קלאַסן האָב איך ניט באַזוכט, ווײַל איך האָב שוין דעם קורס פֿאַרענדיקט, און די קונסט־קלאַסן האָב איך ניט באַזוכט, ווײַל איך בין באַלוינט מיט צוויי מעדאַלן“. לעוויטאַן האָט געבעטן דעם פּעדאַגאָגישן ראַט, ס׳זאָל אים „געגעבן ווערן דאָס רעכט צו אַרבעטן אויף אַ גרויסער זילבערנער מעדאַל“.

אין די באַדינגונגען פֿון אַלץ פּראָגרעסירנדיקער דיסקרימינאַציע לעגאַבע די שילער ייִדן האָט לעוויטאַן ניט געקאָנט באַקומען אַזאַ רעכט. אין אַפּרעל 1885 האָט ער געמוזט בעטן דעם פּעדאַגאָגישן ראַט, מע זאָל אים אַרויסגעבן אַ דיפּלאָם פֿון אַ ניט־קלאַסישן מאָלער.

איסאַק לעוויטאַן האָט פון די פריסטע יאָרן קרענקלעך רעאַגירט אויף אומגערעכטיקייט. דאָס געפיל פון צעבראָכנקייט, פון טראַגישער אויסזיכטלאָזיקייט האָט אים באַהערשט.

דעם 9 מײַ 1885 האָט דער יונגער דאָקטער און ליטעראַט אַנטאָן פּאַוולאָוויטש טשעכאָוו געשריבן פון וואָסקרעסענסק צום רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פונעם הומאָריסטישן זשורנאַל „אָסקאָלקי" לײקינען:

„מיט מיר צוזאַמען וווינט דער מאָלער לעוויטאַן... עפּעס אַ מין פּסיכאָז באַהערשט אים. איך האָב געהאַט בעדייע מיט אים אַרײַנצופאָרן אין וואָלאָדימירער גובערניע אויף די יאָמטעוו־טעג, אַ ביסל אים דורכלופטערן (טאָקע ער גופא האָט מיך געבראַכט צו דעם געדאַנק). מיר האָבן שוין געהאַט באַשטימט דעם טאָג פונעם אָפּפאָרן. נאָר ווען איך בין צו אים געקומען, האָט מען מיר געזאָגט, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן אויף קאַווקאַז... סאַף אַפּרעל איז ער פון ערגעץ צוריקגעקומען אַהיים, נאָר ניט פון קאַווקאַז... ער האָט געוואָלט זיך אויפהענגען... איך האָב אים מיטגענומען מיט זיך אויף דער דאַטשע און גיב אויף אים אַכטונג... באַמי זיך אים אויפמונטערן און, ווי עס ווײַזט אויס, איז עפּעס בעסער געוואָרן..."

## קאַפּיטל 2

אויף א. פּ. טשעכאָווס דאַטשע אין באַבקינאָ, ניט ווײַט פון דעם הינטער־מאָסקווע־ייִשעוו נאָוואָ־יערוסאַלים, האָט לעוויטאַן געוווינט אין אַ קליינינק שטיבעלע צוזאַמען מיטן שריפטשטעלערס ברודער מיכאַיִל טשעכאָוו.

טשעכאָווס מישפּאָכע האָט לעוויטאַן געקענט נאָך פון יענע צײַטן, ווען ער האָט זיך באַפרײַנדעט אין דער מאָסקווער קונסט־שול מיט ניקאָלײַ טשעכאָוון. אין באַבקינאָ האָבן לעוויטאַן און ניקאָלײַ, גאַנץ אָפט פון אינדערפרי ביז פאַרנאַכט צוזאַמען געאַרבעט.

מאַריִע פּאַוולאָוונאַ טשעכאָווא דערמאָנט זיך:

„לעוויטאַן האָט צומאָל מיך מאַמעש באַוווּנדערט, וויִאַזוי ער האָט אַקשאַנעסדיק געהאַרעוועט, די וועגט פון דער הײַזקע, אין וועלכער ער האָט געוווינט, זײַנען שנעל פאַרשטעלט געוואָרן מיט רייען גלענצנדיקע עטיודן... לעוויטאַן האָט ליב געהאַט די נאַטור עפּעס אויף אַ באַזונדערן אויפן. דאָס איז אַפּילע ניט

געווען קיין ליבע, נאָר אַ פאַרליבטקייט. טאַקע די זעלבע פאַרליבטקייט אין דער נאַטור האָט געמאַכט פון אים אויך אַ וואַלד־יעגער...״

ס׳פלעגט געשען, אַז לעוויטאַנען האָט פּלוצעם אַרומגעכאַפּט אַ מאָרעש־כוירעדיקע שטימונג. דעמלט פלעגט ער, נעמענדיק מיט זיך די ביקס און דעם הונט וועסטאַ, אַוועק אויף אַ וואָך צייט אָדער אויף צוויי וואָכן פון דער שטוב און זיך ניט אומקערן, ביז וואַנען ס׳האָט זיך ניט איינגעשטעלט בא אים אַ גייסטיקער גלייכגעוויכט. ווידער אַ פריילעכער, פול מיט ענערגיע, פלעגט ער זיך שפּעטער נעמען צו דער אַרבעט, געשפּאַסט צוזאַמען מיט דער יוגנט, אַנטיילגענומען אין זייערע פּיקניקן, גיין אויף פישפאַנג. לעוויטאַן האָט זייער ליב געהאַט פישפאַנג. אין די אָפּרו־שאָען פלעגט ער צוזאַמען מיט די יונגע טשעכאָווס לאַנג זיצן מיט דער ווענטקע ערגעץ אינעם שאָטן פון די ביי־ברעגיקע קוסטעס. עס האָט אויך געטראָפן אַזוי, אַז אַרייַנפאַלדיק אין אַן עלעגישער שטימונג, האָט ער פאַרגעסן אין דער ווענטקע און אָנגעהויבן דעקלאַמירן לידער פון אַלעקסיי טאָלסטאָיען, טיוטשעוון, נעקראַסאָוון, ניקיטינען, אַפּוכטינען, פעטן און פון אַנדערע דיכטער. ער האָט געקענט אויף אויסווייניק אַ גרויסע צאָל לידער.

אויף טשעכאָווס דאַטשע האָט לעוויטאַן געשאַפן דאָס בילד „די אויסאַדבע באַבקינאָ״ און אָנגעהויבן מאָלן „דאָס בערעזעווע וועלדל״, איבער וועלכן ער האָט געאַרבעט אין משך פון פיר יאָר, אָפּוואַרפנדיק דאָס צופעליקע, אונטער־שטרייַכנדיק דאָס כאַראַקטערישע, פאַרפולקומענדיק די קאָמפּאָזיציע. דאָס דאָזיקע ניט־גרויסע בילד האָט געשילדערט אַ בערעזעווע וועלדל, אַ באַגאָסנס מיט זון־שייַן. ליכט און שאָטנס האָט לעוויטאַן געקאָנט דערפירן ביז צו אַ סימבאָל. פאַרמאָגנדיק אַן אויסערגעוויינלעכן זע־זיקאָרן, האָט ער צומאָל לאַנג געהאַלטן די בילדער אינעם וואַרשטאַט, אומקערנדיק זיך שפּעטער צו דער אַרבעט איבער זיי. „פאַרענדיקן אַ בילד איז צומאָל זייער שווער, — האָט געזאָגט לעוויטאַן, — דו האָסט מוירע קאַליע צו מאַכן אַלץ מיט איין שמיר פונעם פּענדזל. איז אָט, שטייען זיי, „ווערן רייַפּער״, שטייענדיק בא דער וואַנט. מע דאַרף אַרבעטן גיך, אָבער ניט אייַלן זיך צו פאַרענדיקן די אַרבעט״.

אין סאָף 1885 האָט לעוויטאַן זיך געווענדט אינעם ראַט פון דער מאָסקווער קונסט־געזעלשאַפט מיט אַ באַקאָשע אַרויסצוגעבן אים, ביז ער וועט באַקומען דעם דיפּלאָם אָפן טיטל פון אַ ניט־קלאַסישן קינסטלער, אַ צייַטווייַליקע צייַגעניש וועגן דעם, אַז ער האָט פאַרענדיקט די קונסט־שול. אַ צייַגעניש האָט מען אים אַרויסגעגעבן. און וואָס איז שייַך אַ דיפּלאָם, האָט ער אים באַקומען ערשט אין אַ האַלב יאָר אַרום.

ווען מע האָט סאַווראַסאָוון אָפּגעזאָגט פון דער ארבעט, האָט לעוויטאַן זיך געלערנט אין דער קונסט־שול בא וו. ד. פּאָלענאָוון — דעם שעפּער פון די קלאַסישע בילדער „דאָס מאָסקווער הייפל", „דער באָבעס סאָד", „די פּאַרוואַקסענע סאַזשלקע". לעוויטאַנס לער בא פּאָלענאָוון האָט געדויערט ניט לאַנג. זי האָט זיך אָנגעהויבן אין סענטיאַבער 1882, און אין א יאָר ארום איז פּאָלענאָוו אוועקגעפאָרן קיין איטאַליע. צוריק האָט ער זיך אומגעקערט, ווען לעוויטאַנען האָט מען שוין אויסגעשלאָסן פון דער שול „פאַר ניט באַזוכן די קלאַסן".

וואַסילי דמיטרִיעוויטש פּאָלענאָוו האָט געהערט צו אן אלטער אדל־מישפּאָכע. דער פאָטער זײַנער איז געווען א באַוווּסטער ארכעאָלאָג און ביבליאָגראַף. זײַן מוטער, וועמענס מיידלשע פאַמיליע איז געווען וואָיעיקאָווא, איז באַוווּסט ווי א קינדער־שרײַבערן. זי האָט אויך זיך פאַרנומען מיט מאָלערײַ־קונסט. נאָכן פאַרענדיקן די קונסט־אַקאַדעמיע איז פּאָלענאָוו געוואָרן איר פּענסיאָנער אין איטאַליע, פראַנקרײַך, דײַטשלאַנד. שפּעטער האָט ער אָנטיילגענומען אלס קינסטלער־קאָרעספּאָנדענט אין דער סערביש־טשאָרנאָגאָריש־טערקישער" און רוסיש־טערקישער מילכאָמעס, ארומגערײַזט איבערן נאָענטן מיזרעך. נאָכן אומקערן זיך פון יערושאָלאַיִם איז ער געוואָרן דער אָנפירער פונעם פּייזאַזש־ווארשטאַט אין דער קונסט־שול. די רײַזע קיין איטאַליע האָט בלויז אָף א געוויסער צײַט איבערגעריסן זײַן פּעדאַגאָגישע טעטיקײַט.

נאָך בייס דער לערע אין דער קונסט־אַקאַדעמיע האָט פּאָלענאָוו זיך באַפרײַנדעט מיט מ. מ. אַנטאָקאָלסקין. אין 1873, ווען זיי האָבן ביידע געלעבט אין רוים, האָט אַנטאָקאָלסקי באַקאַנט פּאָלענאָוון מיט ס. אי. מאַמאָנטאָוון.

מאַמאָנטאָוון איז אויסגעקומען, פּונקט ווי פּאָלענאָוון, צו שפּילן א וויכטיקע ראָליע אין לעוויטאַנס שפּעטערישער ביאָגראַפיע.

וועגן מאַמאָנטאָוון איז ביז איצט אָנגעשריבן קנאַפּ ווייניק. א זון פון א ניט־אָנגעזעענעם סויכער, איז ער נאָך דער לער אינעם בארג־אינסטיטוט (פּעטערבורג) און אפן יורידישן פאַקולטעט פונעם מאָסקווער אוניווערסיטעט געוואָרן א גרויסער אונטערנעמער, דער בויער פון דעם יאַראָסלאַוולער און דאָנעצקער אײַזנבאַן־וועגן, פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג פונעם מאָסקווער־יאַראָסלאַוולער־ארכאַנגעלסקער אײַזנבאַן. ער איז געווען דער אייגנטימער פון פיל אונטערנעמונגען, צווישן וועלכע עס זײַנען, אגעוו, געווען דער מיטישטשינסקער זאַוואָד הינטער מאָסקווע און דער ניעווסקער שיפּבוי־זאַוואָד אין פּעטערבורג.

אָבער אָט דער אָף מעקאַנע צו זײַן טאַלענטירטער, אויסערסט ענערגישער מענטש האָט געהאַלטן, אז זײַן עכטער באַרוף איז דראַמאַטישע קונסט. די דראַ־

מאַטישע קונסט האָט ער ליב געהאַט לײַדנשאַפֿטלעך — ער האָט מיט איר געלעבט און געאָטעמט. אין דער יוגנט איז מאַמאַנטאָװ אַרױסגעטראָטן װי אַן אַקטיאָר אינעם ליבהאָבערישן טעאַטער, מיט װעלכן עס האָט אָנגעפֿירט דער גרױסער דראַמאַטורג א. נ. אָסטראָװסקי. דער טעאַטער האָט געשטעלט פֿאַר זיך ערנסטע קינסטלערישע צילן און פֿאַרײניקט אַ סך ענטוזיאַסטן פֿון דראַמאַטישער קונסט — ליטעראַטן, מוזיקאַנטן, קינסטלער, געלערנטע, סטודענטישע און אַמטלעכע יוגנט. אָפֿט האָט מען געשטעלט אין טעאַטער פּיעסעס, װעלכע זײַנען פֿאַרבאָטן געװאָרן צום שטעלן אױף דער בינע פֿון קאַזיאָנע טעאַטערס. די ספּעקטאַקלען זײַנען געגאַנגען אָן אַפֿישן, אונטערן אױסזען פֿון רעפּעטיציעס.

מאַמאַנטאָװ האָט אָסטראָװסקין פֿאַרגעטערט און אונטערגעהאַלטן מיט אים אַ פֿאַרבינדונג ביז סאָף פֿון זײַן לעבן. עטלעכע יאָר האָט מאַמאַנטאָװ זיך געלערנט װאָקאַל אין איטאַליע. אָבער אַ פּראָפֿעסיאָנעלער זינגער איז ער ניט געװאָרן. „אַ גלענצנדיקער זינגער, — האָט געשריבן װעגן אים שאַליאַפּין, — האָט ער אומגעריכט פֿאַרלאָזט אָט דעם צוזאָגנדיקן װעג און אָפּגעגעבן זײַן גאַנץ לעבן, אַלע זײַנע קענטעניש, זײַן גרױסן קאַפּיטאַל דער אומײגננוציקער דינסט דער דראַמאַטישער קונסט".

אײנער פֿון מאַמאַנטאָװס סאַמע נאָענטע פֿרײַנט איז געװאָרן פּאָלענאָװ. מאַמאַנטאָװ האָט, פּונקט װי פּאָלענאָװ, אַרױסגעװיזן אַ היפּשן אינטערעס צו דער אַלט־ייִדישער געשיכטע. װעגן דעם זאָגן אײדעס זײַנע פּיעסעס „יוסף" און „דער קיניג שאָול". די לעצטע פּיעסע איז געשטעלט געװאָרן אין מאַמאַנטאָװס הױז. די דעקאָראַציעס זײַנען אָנגעשריבן געװאָרן לױט מ. א. װרובעלס עסקיזן. די ראָל פֿונעם נאָװי שמועל האָט געשפּילט דער דעמלט יונגער אַרטיסט ק. ס. סטאַניסלאַװסקי. די ראָל פֿונעם קיניג אַגאַט — װ. א. סעראָװ, דער שפּעטערדיקער גרױסער מאָלער.

מאַמאַנטאָװ איז געװען אַ גלענצנדיקער אָרגאַניזאַטאָר, אַן אױפֿמערקזאַמער צו טאַלאַנטפֿולע מענטשן, געקאָנט גרופּירן זײ און באַגײַסטערן מיט זײַן הײסלײַװעס. אין זײַן הױז און אין זײַן הינטערמאָסקװער גוט אַבראַמצעװאָ האָבן קעסײדער זיך פֿאַרזאַמלט ליטעראַטן, אַרטיסטן, מוזיקאַלישע טוער, קינסטלער. זײ האָבן דאָ באַהאַנדלט פּראָגעס, װעלכע האָבן באַאומרויִקט די געזעלשאַפֿטלעכקײַט. עס זײַנען געפֿירט געװאָרן הײסע דעבאַטן װעגן קונסט, ליטעראַטור, מוזיק — דאָס אַלץ איז פֿאָרגעקומען אין אַן עכטער אַרטיסטישער אַטמאָספֿער און האָט גינכטיק זיך אָפּגערופֿן אױף דער אױספֿורעמונג פֿון די עסטעטישע אָנשױונגען

בא דער טאַלאַנטפולער יוגנט, וועלכע איז אריין אין באשטאנד פון מאמאַנטאַווס קינסטלעריש קרייזל.

פון לאנגאַנגען האָט מאמאַנטאָוו זיך געכאוועוועט מיט נ. ג. רובינשטיינען — דעם באַוווּסטן פּיאַניסט, קאָמפּאָזיטאָר, דיריזשאָר, דעם גרינדער פון דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע, איר פּראָפעסאָר און דירעקטאָר.

מ. מ. אנטאַקאָלסקי, וועלכער האָט אין 1877 זיך באַזעצט אין פּאַריזש, איז יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט קומען קיין רוסלאַנד, געפאָרן צו מאמאַנטאָוון קיין מאָסקווע אָדער קיין אבראַמצעוואָ, אָפּהענגיק פון דער צייַט אינעם יאָר. מאַמאַנטאָוו האָט זיך באַשעפטיקט מיט סקולפּטור. אנטאַקאָלסקי איז געווען דער אויטאָריטעטסטער ריכטער פון זייַנע אַרבעטן. די פרייַנטלעכע באַציִונגען צווישן מאמאַנטאָוון און אנטאַקאָלסקין זייַנען געווען אומגעוואַקלטע. א יאָר פאַר זייַן טויט האָט אנטאַקאָלסקי וועגן דער צייַט, ווען ער האָט פאַרבראַכט בא די מאַמאַנטאָווס, געשריבן: „אָפט האָב איך זיך אין אייַך דערמאָנט, אין אַלעמען, אין אַלעמען, און זיך צווישן אייַך... עס דערמאָנט זיך אייַער שטוב, אייַער גאַסטפרייַנטלעכקייַט, אייַער צערטלעכקייַט צו מיר. עס איז פאַרבייַ צייַט, און דאָס לעבן האָט איבערגעלאָזט אפן שטערן שפּורן, אַזעלכע, וואָס רעדער לאָזן איבער אף א ווייכן גרונט... ווי עס זאָל ניט זייַן, ווייל איך זיך ניט פאַרשליסן אין מייַנע אייגענע דאַלעדאַמעס און וואַרטן דאָרט ביז דער עלטער. איך וויל נאָך לעבן אונטער דער זון, איך וויל, זי זאָל מיך וואַרעמען, איך וויל לעבן, אָבער אויך די פרייַנט זאָלן לעבן אין פרייד, זיך פאַרווייַלן, אַלעמען זאָל זייַן גוט, יעדער איינער זאָל זיך באַנוצן מיט זייַנע פּיירעס, אָבער ניט מיט ביטערע; איך וויל, אַז מייַנע אַלטע פרייַנט זאָלן זייַן ווי אַלטער ווייַן...”

אין סאָף 1873, ווען די מאמאַנטאָווס זייַנען געקומען קיין איטאַליע, האָט אנטאַקאָלסקי זיי באַקאַנט מיט ו. ס. סעראָוועןן. דאָס איז געווען די ערשטע קאָמפּאָזיטאָרן־פרוי אין רוסלאַנד, וועלכע האָט זיך פאַרנומען אויך מיט מוזיקאַליש־קריטישער טעטיקייַט. זי איז געבוירן געוואָרן אין א רוסיפיצירטער ייִדיש־דייַטשישער מישפּאָכע. איר פאָטער סעמיאָן יאַקאָוולעוויטש בערגמאַן און די מוטער, אַווגוסטע קאַרלאָוונא (א געבוירענע גודזאָן), וועלכע שטאַמען פון האַמבורג, האָבן געהאַט אין מאָסקווע ניט קיין גרויסע קראָם. זיי האָבן געשטרעבט געבן זייערע קינדער בילדונג, באַטראַכטנדיק דאָס ווי זייער לעבנס־ציל. שוין באַם אָנקומען אין דער שול האָט די טאָכטער וואַלענטינע גערעדט און געלייענט אף דרייַ שפּראַכן. פאַרמאָגנדיק מוזיקאַלישע פעיִקייַטן, האָט זי אין עלטער פון 15 יאָר דערפאָלגרייַך אויסגעהאַלטן דעם קאָנקורס און איז אָנגענומען געוואָרן

אין דער פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע. צו 17 יאָר איז וואַלענטינע געוואָרן די פרוי פונעם קאָמפּאָזיטאָר און מוזיק־פאָרשער א. נ. סעראָוו, וועלכער האָט געשפּילט א מערקווירדיקע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער אָפּערע־קונסט און אינעם רוסישן מוזיקאַלן געדאַנק. צוזאַמען מיטן מאַן האָט זי אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „מוזיקא אי טעאַטר". ווען א. ס. סעראָוו איז געשטאָרבן, האָט זי פאַרענדיקט זיין אָפּערע „דער פיינטלעכער קויעך".

דעם 12 יון 1875 האָט די פּעטערבורגער צייטונג „גאָלאָס" מיטגעטיילט: „די טעג איז געשטאָרבן די אַלמאָנע פון אַלעקסאַנדער ניקאָלייעוויטש סעראָוו. זי האָט איבערגעלאָזט א יאָסעם — א זון, וועלכער איז נאָך קיין 10 יאָר ניט אַלט".

אינגיכן האָט אַנטאָקאָלסקי געשריבן מאַמאָנטאָוון פון סאָרענטאָ:

„נאָרוואָס האָב איך איבערגעלייענט אין „גאָלאָס" די טרויעריקע ידיעה וועגן דעם טויט פון וואַלענטינע סעראָוואַ. וואָס באַטייט עס? איך בין מאַמעש דערשיטערט. אום גאָטעס ווילן, טיילט מיר טייקעף מיט די סיבע פון איר טויט. דער רועך ווייסט, וואָס דאָס באַטייט! טיילט מיר טייקעף מיט וועגן אַלץ, עס גלייבט זיך עפּעס ניט. וואָס איז מיטן יינגל טאָשע? ווו איז ער איצט? איך בין גרייט נעמען אים צו זיך, אָבער ווו וועט ער זיך לערנען? ביכלאַל, אויב מע דאַרף עפּעס־וואָס טאָן פאַר אים, בין איך גרייט אויף אַלץ. שרייבט, אום גאָטעס ווילן, גיכער, גיכער!!!"

קומענדיק קיין אַבראַמצעוואָ, האָט מאַמאָנטאָוו דערזען דאָרט מיט גרויס שטוינונג סעראָוון מיטן זון. אינגיכן האָט זיך אויסגעקלאָרט, אַז עפּעס אויף אַן אומפאַרשטענדלעכן פאַר אַלעמען אויפן איז אין דער צייטונג איבערגעפּלאָנטערט געוואָרן די ידיעה וועגן דער לעווייע פונעם מוזיקאַנט פּערעראָ מיט דער ידיעה וועגן וו. ס. סעראָוועס אומקערן זיך פון אויסלאַנד קיין רוסלאַנד.

אין 1878 האָט וו. ס. סעראָוואַ זיך באַזעצט מיטן זון אין מאָסקווע. דער זון האָט זיך געלערנט אין דער פּראָגימנאַזיע, און אין די שאַבאָסים פלעגט ער גיין צום קינסטלער אי. יע. רעפּין זיך פאַרנעמען מיט מאָלעריי. אין אָט דער צייט האָט אי. יע. רעפּין געאַרבעט איבערן בילד „די קייסעריניע סאָפיא". דאָס בילד האָט געשילדערט די קייסעריניע סאָפיא אַלעקסייעווגאַ, די הערשערן פון דער רוסישער מעלוכע אין די יאָרן 1682—1689, נאָך דעם, ווי איר ברודער פּיאָטער דער ערשטער האָט זי אַראָפּגעוואָרפן פון דעם טראָן און פאַרשלאָסן אינעם נאָוואָדעוויטשי מאָנאַסטיר. אין גרונט פון סאָפיעס געשטאַלט האָט רעפּין

באווײַזן די שטריכן פון וו. ס. סעראָוועס ענערגיש און שטרענג געזיכט. איצט ווערט דאָס בילד „די קייכערינע סאָפיא“ עקספּאָנירט אין דער מעלוכישער טרעטיאַקאָווער גאַלעריי.

וו. סעראָוועס באַקאַנטשאַפט מיט די מאַמאָנטאָווס האָט געשפּילט א וויכטיקע ראָליע אינעם לעבן און אין דער שעפערישער אַנטוויקלונג פון איר זון וואַלענטין, וועלכן אַלע נאָענטע האָבן אין דער קינדהייט גערופן טאָשע. זײַן גאַנץ לעבן איז וואַלענטין סעראָוו געווען אין מאַמאָנטאָווס מישפּאָכע ווי אַן אייגענער. זייער פרי האָט ער זיך צוגעבונדן אויך צו די פּאָלענאָווס.

(ווען פּאָלענאָוו איז נאָך ניט געווען קיין באַווײַבטער, האָט ער יעדן זומער פאַרבראַכט אין אַבראַמצעוואָ. דאָרט האָט ער זיך נאָענט באַפרײַנדעט מיטן שוועסטערקינד פון מאַמאָנטאָווס ווײַב נ. וו. יאַקונטשיקאָוואַ, אַ טאָכטער פונעם פאַבריקאַנט יאַקונטשיקאָוו, איינעם פון די בויער פון דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע. אינגיכן האָט פּאָלענאָוו חאַסענע געהאַט מיט יאַקונטשיקאָווען. דעם יונגן פּאָרפּאָלק האָט מען געשאָנקען אין אַבראַמצעוואָ דאָס נאָרוואָס אויסגעבויטע הויז, וואָס האָט פון יענער צײַט אָנגעהויבן טראָגן דעם נאָמען פּאָלענאָווס הויז).

אַן אַלזײַטיק באַגאַבטער, אַ הויכגעבילדעטער, אויפמערקזאַמער און הארציקער מענטש, האָט פּאָלענאָוו געהאַט אַ גינסטיקן אײַנפלוס אַף דער קינסטלערישער יוגנט. צו דער מיט פון די 80־ער יאָרן האָט זײַן מאָסקווער הויז אָנגעהויבן צוציִען צו זיך אַ סאַך קינסטלער־אָנהייבער. צווישן זיי האָט זיך אויסגעטיילט לעוויטאַן. אָט וואָס דער קינסטלער גאָלאָווין האָט געשריבן וועגן פּאָלענאָווס באַציִונג צו לעוויטאַנען: „פּאָלענאָוו האָט אים בוכשטעבלעך פאַרגעטערט און אים אויפגענומען ווי אַן אייגענעם מענטשן, ווי אַ קאָרעוו“.

אין פּאָלענאָווס הויז זײַנען פאָרגעקומען מאָלערײַ־אָוונטן. אָפט זײַנען דאָרט געווען לעוויטאַן, סעראָוו, פּאַסטערנאַק אאַ. די יונגע קינסטלער האָבן געמאָלט מיט בלײַערס, מיט אַ פּען, מיט פּאַסטעל, געמאָלט מיט אַקוואַרעל און אייל־פאַרבן. מע האָט פּאָזירט איינער דעם אַנדערן אין פאַרשיידענע קליידער.

„אַנומלטן האָט לעוויטאַן פּאָזירט אין אַן אַראַבישן טיורבאַן, — שרײַבט אין זײַנע זיכרוינעס ל. אָ. פּאַסטערנאַק. — לויט זײַן באַקאָשע האָב איך מײַן געמעל באַדאַרפט שענקען אים“. נעמלעך אין אָט דער צײַט האָבן צווישן לעוויטאַנען, פּאַסטערנאַקן און סעראָוון זיך אײַנגעשטעלט כאַווערישע באַציִונגען. אין מעלוכישן מוזיי פון וו. ד. פּאָלענאָוון זײַנען פאַראַן לעוויטאַנס עטלעכע גראַפישע

ארבעטן. וועלכע ער האָט אויסגעפּילט בייס די פּאָלענאָווישע געמעל־אָוונטן. די סאַמע פּרײַקע פון די דאָזיקע ארבעטן איז „א יידישקע אין א מיזרעכדיקן טוך" (1884). ס'ווערט פארהיט וו. ד. פּאָלענאָווס געמעל, וואָס שילדערט לעוויטאַנען אין א מאַלבעש פון א בעדוינער.

פּאָלענאָוו האָט באקאנט לעוויטאַנען מיט די מאַמאָנטאָווס. לעוויטאַן איז געווען א מיטגליד פונעם קינסטלערישן קרײַז. איין מאָל אין דער וואָך האָט אין מאַמאָנטאָווס גרויסן קאבינעט זיך באוויזן א לאנגער טיש מיט גרינעם געוואַנט, צוגעגרייט ווי פאר א זיצונג. ארום דעם טיש האָבן זיך אוועקגעזעצט ארטיסטן־ליבהאָבער, קינסטלער, און עס זײַנען פּאָרגעקומען פּאָרלעזונגען. צו די פּאָרלעזונגען האָט מען זיך געגרייט זייער ערנסט. זיי האָבן ארויסגערופן אַן אינטערעסאנטן געדאנקען־אויסטויש, הייסע שטרײַטן. אין דער פּראָגראַם פון די פּאָרלעזונגען זײַנען אין דער מערהײַט פאלן געווען דראמאטישע ווערק. אפן ערשטן אָרט זײַנען געשטאנען אָסטראָווסקיס און שעקספּירס פּיעסעס. אליין מאַמאָנטאָוו האָט געוויינלעך געלייענט די הויפּט־ראָלן. אָפט פלעגט מען לייענען אויסצוגן פון פּראָזאישע ווערק. די באליבטע אווטאָרן זײַנען געווען פּושקין, גאָגאָל, לערמאָנטאָוו. עס זײַנען אײַנגעאָרדנט געוואָרן אויך פּאָעטישע אָוונטן. לעוויטאַן האָט ליב געהאט אָנטיילצונעמען אין די דאָזיקע ליטעראַרישע פּאָרלעזונגען. דעם 23 נאָיאבער 1884 האָט יע. ד. פּאָלענאָווא געשריבן פּ. ד. אנטיפּאָווען: „כ'האָב נאָרוואָס זיך אומגעקערט פון דער מאָלערײַ־פּארזאמלונג אין מאַמאָנטאָווס הויז. נאָך טיי האָט מען געמאָלט מיט א בלײַער דעם קאָפּ פון א זאָקן, וועלכער איז געווען זייער אינטערעסאנט באלויכטן. יעל[יזאוועטא] גר[יגאָריעוונא] (ס. אי. מאַמאָנטאָווס ווײַב. — מ. אָ.) האָט פּאָרגעלייענט טאָלסטאָיס „דעקאבריסטן". ביכלאל איז דאָס געווען א געלונגענער און סימפּאטישער סעאַנס. דאָס, וואָס עס האָט געמאכט לעוויטאַן, רופט ארויס פּאָשעט אנציקונג!..."

לעוויטאַן האָט ארויסגעוויזן זײַן גרויסן טאלאנט אויך אינעם שרײַבן דעקאָראַציעס פאר שטוב־ספּעקטאקלען, וועלכע פלעגן אײַנגעאָרדנט ווערן אין מאַמאָנטאָווס הויז. באזונדערס האָט מען ליב באקומען די „פּריוואטע אָפּערע", וועלכע מאַמאָנטאָוו האָט געגרינדעט אין מאָסקווע. ארום דער דאָזיקער אונטערנעמונג האָט ער צונויפגענומען די פּראָגרעסיווע קרײַזן פון דער רוסישער מוזיקאַלער און מאָלערישער קונסט.

די „פּריוואטע אָפּערע" האָט זיך געעפנט דעם 9 יאנוואר 1885 מיט דער שטעלונג פון דארגאָמיזשסקיס „רוסאלקע". די פּייזאזש־דעקאָראַציעס האָט גע־

מאכט לעוויטאַן, לויט וו. מ. וואסנעצאָווס אקווארעל־עסקיזן האָט ער אויך אָנגע־מאָלט דאָס „אונטערוואסער־קיניגרייך".ביידע האָבן געשאפן די קאָסטיומען פון די הויפט־פערסאָנאזשן: פון דער רוסאלקע, פון דעם מילנער, פון דעם פירשט און דער פירשטן.

לעוויטאַן האָט זעלבשטענדיק אָנגעשריבן דריי דעקאָראציעס צו דער אָפּערע „איוואַן סוסאנין" — דאָס דאָרף דאָמנינאָ, דעם איפּאטיעווער מאָנאסטיר, דעם וואלד — און צוזאמען מיט אנדערע קינסטלער די פּייזאזש־דעקאָראציעס צו דער אָפּערע „פאוסט" (1885, לויט וו. ד. פּאָלענאָווס עסקיזן) און צו דער אָפּערע „דאָס שניי־מיידל" („סנעגוראָטשקא") (1885, לויט וו. מ. וואסנעצאָווס עסקיזן). לעוויטאַנס פּייזאזשן זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט דער שטרעבונג איבער־צוגעבן אַף דער בינע דעם לעבעדיקן אויסזען פון דער נאטור.

אין מאמאָנטאָווס „פּריוואטער אָפּערע" איז דאָס געצאָלטס פאר דער ארבעט צו שאפן דעקאָראציעס געווען ניט קיין הויכס. לעוויטאַן האָט זיך אָפט גענייי־טיקט אין געלט. אין מארט 1886 האָט ער זיך באקלאָגט אַף „א שרעקלעכן געלט־מאנגל", וואָס עס איז דערגאנגען דערצו, „אז... כ'האָב קיינמאָל ניט גע־געסן קיין מיטיק דריי טעג נאָכאנאנד". אינגיכן, מע דאַרף רעכענען, אז דעם 15 מארט, האָט לעוויטאַן באקומען פאר די דעקאָראציעס א היפּשע סומע — עטלעכע הונדערט רובל און איז אוועקגעפאָרן קיין קרים. ווינטער האָט ער איבערגעטראָגן א שווערע קרענק. די דאָקטוירים, צווישן וועלכע ס'איז געווען א. פּ. טשעכאָוו, האָבן אקשאָנעסדיק אים רעקאָמענדירט „אויסווארעמען די ביינער" אונטער דער פרילינגדיקער קרימער זון.

אינגיכן האָט ער געשריבן טשעכאָוון פון יאלטע: „טייערער אנטאָן פּאווּלאָ־וויטש! דער רועך זאָל דאָס נעמען, ווי ס'איז גוט דאָ! שטעלט זיך פאָר דאָס בונט־צעוואקסענע גרינס, דעם בלויען הימל, און נאָך וואָס פאר א הימל! נעכטן אין אָוונט האָב איך ארויפגעקלעטערט אַף א פעלדז און א קוק געטאָן פון דער הייך אפן יאם, און ווייסט איר, וואָס כ'קאָן אייך זאָגן — איך האָב זיך צעוויינט, ביטער געוויינט: אָט ווו ס'איז אייביקע שיינקייט און אָט ווו דער מענטש פילט זיין פולשטענדיקע נישטיקייט! און וואָס באטייטן דאָ ווערטער, — מע דאַרף דאָס אליין זען, קעדיי צו באנעמען! איך פיל זיך אויסגעצייכנט, ווי שוין לאנג אזוי זיך ניט געפילט. און ס'ארבעט זיך גוט (שוין אָנגעשריבן זיבן עטיודן, און זייער וווילע). אויב ס'וועט זיך אזוי ארבעטן, וועל איך ברענגען מיט זיך א גאנצע אויסשטעלונג".

לעוויטאַן האָט געהאַלטן וואָרט. אין צוויי כאָדאָשים אַרום, ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין מאָסקווע, האָט די צאָל אַרבעטן, וועלכע ער האָט געבראַכט מיט זיך, דערשיטערט די באַקאַנטע.

א. פּ. טשעכאָוו האָט מיטגעטיילט דעם ברודער וועגן לעוויטאַנען: „ער האָט אָנגעפּאָמפּעט אין קרים 70 בילדער, ניט קיין עסקיזן".

ווען לעוויטאַנס קרימער בילדער האָבן זיך באַוויזן אויף די אויסשטעלונגען, זיינען זיי שנעל פאַרקויפט געוואָרן, צוויי פון זיי — „א סאַקליע אין אַלופּקע" און „א גאַס אין יאַלטע" — האָט אָפּגעקויפט פּ. מ. טרעטיאַקאָוו.

קומענדיק שפּעטער צו פאָרן קיין יאַלטע, האָט פּאָלענאָוו געשריבן: „וואָס מער איך שפּאַציר איבער די אומגעגנטן פון יאַלטע, אַלץ מער האָב איך אָפּגעשאַצט לעוויטאַנס עסקיזן. ניט איוואַזאָווסקי, ניט לאַגאָריאָ, ניט שישקין, ניט מיאַסאָיעדאָוו האָבן ניט געגעבן אַזעלכע וואָרהאַפּטיקע און כאַראַקטערישע שילדערונגען פון קרים, ווי לעוויטאַן".

דער ראַפינירטער שעצער פון מאָלעריי מ. וו. נעסטעראָוו האָט ביזן סאָף פון זיינע טעג געהאַלטן, אַז לעוויטאַן איז געווען דער אַנטדעקער פון די שיינקייטן פונעם קרימער דאָרעם־ברעג.

אין דער צווייטער העלפט פונעם XIX יה. זיינען געווען ניט ווייניק קונסט־טוער, וועלכע האָבן זיך אינטערעסירט מיט דער אַלט־יידישער געשיכטע. אָבער דאָס וויסן פון אָט דער געשיכטע איז נאָך דעמאָלט געווען גאַנץ כאַאָטיש. די ביבל, אָן אַרויסגעריסענע פונעם היסטאָרישן קאָנטעקסט, האָט געגעבן א באָדן פאַר די סאַמע פאַנטאַסטישע טייטשונגען. ווען אין פּאַלעסטינע האָבן זיך אָנגעהויבן אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען, האָט דער נעפּל פון אומוויסן צוביסלעך זיך אָנגעהויבן צעווייען. די וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען האָבן באַשטעטיקט די עמעסדיקייט פון א ריי פאַקטן, וועלכע זיינען דערמאָנט אין דער ביבל. אונטערן איינפלוס פון די דאָזיקע פאַקטן האָבן די פאָרגעשריטענע קינסטלער אָנגעהויבן קוקן אויף די ביבלישע לעגענדעס מיט ניכטערע אויגן.

אַזאַ קינסטלער איז געווען פּאָלענאָוו. ער האָט געגלייבט, אַז אין דער אוראַלטער יעהודע האָט געלעבט יעזוס — א דענקער, וועמענס לערע איז געוואָרן דורכגעדרונגען מיט מענטשלעכקייט, אָבער מיט דער צייט האָט מען די דאָזיקע לערע פאַרקריפּלט — „געשאַפן א שמאָלן אַכזאָריעסדיקן, פאַלשן, ווילדן פאַנאַטיזם — מע רופט עס רעליגיע פון יעזוסן, און אונטער איר באַפאַרבונג ווערן באַגאַנגען אין דער פּעריאָד פון פּראַוואָסלאַוויע און קאַטאָליציזם העכסטע מייסים. מענטשן רופן זיך קריסטלעכע, האַרגענען, הענגען, פאַרגוואַל־

טיקן, לייגן, וויקן זיך אין זנוס און ראבעווען, מאסקירן זיך מיט דער סאמע נאָבעלער, ליבנכּוויליקער, ריינער לערע...״

פּאָלענאָוו האָט פּארטראכט אָנצושרייבן א בילד, וואָס זאָל שילדערן יעזוסן — א מענטשן, וועלכער האָט געקאָנט עקזיסטירן אין דער ווירקלעכקייט. אלס טעמע פארן בילד האָט געדינט די ברייט־באוווסטע ביבלישע לעגענדע וועגן דעם, ווי צוויאקעס האָבן געבראכט אין א טעמפּל צו יעזוסעס געריכט א פרוי, וועלכע מע האָט באשולדיקט אין אויסגעלאסנקייט. פּאָלענאָוו האָט אָנגערופן דאָס בילד „יעזוס און די זינדיקע״. ער האָט עס געמאָלט אין די יאָרן 1886—1887 אין מאָסקווע, אין מאמאָנטאָווס הויז. אפן סמאך פון זיינע אומיטל־בארע איינדרוקן פון די פּאלעסטינער ארכיטעקטור־דענקמעלער און פון פאר־שיידענע ארכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען האָט ער אינעם בילד געשאפן די ארכי־טעקטור פונעם ירושאלאימער טעמפּל. אלס מאָדעל פארן געשטאלט פון יעזוסן האָט געדינט לעוויטאן.

„בא לעוויטאנען, — האָט געשריבן מ. פּ. טשעכאָוו, — איז א ווונדערבאר איידל פּאָנעם, זעלטן־ווען האָב איך באגעגנט אזעלכע אויסדריקלעכע אויגן, אזא זעלטענע קינסטלערישע קאָאָרדינאציע פון ליניעס״.

עס זיינען באוווסט עטלעכע עטיודן פון יעזוסן, פאר וועלכע לעוויטאן האָט פּאָזירט פּאָלענאָוון. איינער פון די דאָזיקע עטיודן, וואָס איז אָנגעשריבן מיט אייל־פארב, געפינט זיך אינעם רוסישן מוזיי. אן אנדערער, מיט א בלייער, — אין דער טרעטיאקאָווער גאלעריי.

דאָס בילד „יעזוס און די זינדיקע״ איז עקספּאָנירט געוואָרן אף דער XV באוועגלעכער אויסשטעלונג פון 1887. אין דער עפּאָכע פון ווילדער רעאקציע האָט דאָס בילד, וואָס בארירט א גרויסע עטישע און סאָציאלע פּראָבלעם, ארויס־גערופן א פּאָזיטיווע אָפּשאצונג. ס'האָבן זיך אָבער געפונען אויך אנדערע שע־צער. אזוי, לעמאָשל, האָט די צייטונג „מאָסקאָווסקיע וועדאָמאָסטי״ אָפּגעדרוקט אן ארטיקל פונעם קריטיקער מ. סאָלאָוויאָוו, וועלכער האָט געזידלט פּאָלענאָוון פאר אָפּגיין פונעם „קאנאָנישן טיפּ פון יעזוסן״, פאר שילדערן הייַנטצייטיקע „זשידעס״ אָנשטאָט „אוראלטע ייִדן״.

פרילינגצייט 1887 איז לעוויטאן געפאָרן אף דער וואָלגע. פון אָט דעם ערשטן באזוך האָט ער געבראכט א ריי פּייזאזשן און דאָס בילד „א פארוואָלקנ־טער טאָג אף דער וואָלגע״.

אין א יאָר ארום האָט ער פאָרגענומען א נייע רייזע צו דער וואָלגע. בא־זונדערס איז אים געפעלן געוואָרן דער קליינער ישעוו פּליאָס. אהין פלעגט ער

קומען זייער אָפּט און ברענגען פון דאָרט עטיודן, וועלכע זײַנען שפּעטער באַווסט געוואָרן צווישן די ליבהאָבער פון מאָלערײַ.

די עקספּאָנירטע אױף די באַוועגלעכע אויסשטעלונגען פון די יאָרן 1889—1890 וואָלגער פּייזאַזשן האָבן אים אַרויסגערוקט צווישן די גרעסטע מײַסטערס פון דער פּאַטערלענדישער קונסט. דעם דאָזיקן דערפֿאָלג האָט ענדגילטיק פֿאַרפֿעסטיקט זײַן בילד „א רויִקע סאַזשלקע" (1890) — דאָס איז א פּאָשעטס לויטן סוזשעט און ביז גאָר פּריש בילד. ס'איז עקספּאָנירט געוואָרן אױף דער 19־טער באַוועגלעכער אויסשטעלונג אין 1891. וועגן אָט דעם ווערק האָט טשעכאָוו געשריבן זײַן שוועסטער: „לעוויטאַן מערקט אָפּ דעם געבורטסטאָג פון זײַן פּראַכטפולער מוזע. דאָס בילד האָט געמאַכט א רוישעם. אַלנפאַלס, לעוויטאַנס דערפֿאָלג איז ניט קיין געוויינלעכער".

# קאַפּיטל 3

אין די מאַרט־טעג פון 1891, ווען מע האָט לעוויטאַנען באַגריסט מיטן אויסערגעוויינלעכן דערפֿאָלג פון זײַן בילד „די שטילע סאַזשלקע" און מיטן אָנעמען אים אַלס מיטגליד אין דער געזעלשאַפט פון באַוועגלעכע אויסשטעלונגען, האָט דער אינערן־מיניסטער אי. נ. דורנאָוואָ געגרייט פֿאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטן א באַריכט וועגן דער נויטווענדיקייט אײַנצופֿירן נײַע באַגרענעצונגען אינעם וווינאָרט פון די ייִדן אין רוסלאַנד. דער אינערן־מיניסטער האָט געבעטן דעם קייסער, ער זאָל ניט נאָר פֿאַרבאָטן די ייִדן — מײַסטערס און באַלמעלאָכעס, וועלכע וווינען אינעם טכום־האַמוישעוו, זיך באַזעצן אין מאָסקווע און אין דער מאָסקווער גובערניע, נאָר אויך אָנעמען מיטלען, אַז די ייִדן — מײַסטערס און באַלמעלאָכעס, וועלכע וווינען שוין אין מאָסקווע און אין דער מאָסקווער גובערניע, זאָלן בעהאַדראָגעדיק אַרויסגעשיקט ווערן אין טכום־האַמוישעוו.

ווען אַלעקסאַנדער דער דריטער האָט זיך באַקאַנט מיט אָט דעם באַריכט, האָט ער אַרופֿגעלייגט א רעזאָלוציע: „אויספֿילן".

דעם 14 יולי 1891 האָט דער אָבער־פּאָליצמייסטער וולאַסאָווסקי פּאַנאַנדערגעשיקט אין אַלע מאָסקווער פּאָליצײַ־באַצירקן א באַפֿעל, וועלכער פֿאַרפֿליכטעט די פּריסטאַוון אײַנלאַדן די ייִדן פון זייער באַצירק און באַשטימען יעדן איינעם,

נעמענדיק אין אכט זיין פאמיליע־לאגע, באלעבאטישקייט און אנדערע אומשטאנדן, א טערמין אף ארויסצופאָרן. די פריסטאוון האָט מען געגעבן דאָס רעכט, לויט זייער פארשטאנד, פראָלאָנגירן דעם ארויספאָר אף עטלעכע כאדאָשים, אָבער אזוי, אז דער לעצטער טערמין זאָל זיין דער 14 יול 1892.

די בעסטע פאָרשטייער פון דער מאָסקווער אינטעליגענץ האָבן געפירט אן אקשאָנעסדיקן קאמף פאר דעם, אז לעוויטאן זאָל ניט ארויסגעשיקט ווערן. איינע פון די ערשטע האָט וועגן דעם געמאָלדן די מאָסקווער געזעלשאפט פון קינסטלער־ליבהאָבער. אין א וואָך ארום נאָך דעם „ווילגעבירטיקן באפעל" האָט די דאָזיקע געזעלשאפט דעמאָנסטראטיוו אויסגעוויילט לעוויטאנען אלס מיטגליד פון איר קאָמיטעט. קעגן ארויסשיקן לעוויטאנען איז ארויסגעטראָטן די געזעלשאפט פון באוועגלעכע קינסטלערישע אויסשטעלונגען. עס האָבן אקטיוו פארטיידיקט לעוויטאנען ס. אי. מאמאָנטאָוו, פ. מ. טרעטיאקאָוו און זיין ברודער ס. מ. טרעטיאקאָוו, וועלכער איז זיינערצייט געווען דער מאָסקווער שטאָט־גאָלאָווא. ס. ט. מאָראָזאָוו האָט באזעצט לעוויטאנען אין זיין הויז אינעם טריאָכסוויאטיטעלסקי־געסל, אין וועלכן ס'האָט ניט געוואגט אריינגיין א פריסטאוו, ביפראט נאָך א פאָשעטער זשאנדארם. די פאמיליע פון די גרעסטע מאָסקווער פאבריקאנטן די מאָראָזאָווס איז געווען א קעגנערין פון דער יודאָפאָביע מיצאד דער זעלבסטהערשונג.

אין נאָיאבער 1891 האָט די מאָסקווער געזעלשאפט „ליבהאָבער פון קונסט" איינגעאָרדנט אן אויסשטעלונג־אאוקציאָן לעטויוועס די הונגערנדיקע פויערים. לעוויטאן האָט געשאָנקען פאר אָט דער אויסשטעלונג זיינע בילדער „דער גרויסער וועג. אופגאנג פון דער לעוואָנע" („א וואונדערלעכער אָוונט"), „ווינטער אין וואלד" און זיינע עטיודן. דאָס בילד „דער גרויסער וועג. אופגאנג פון דער לעוואָנע" האָט געקויפט פאר 300 רובל די גרויסע פירשטן יעליזאוועטע פיאָדאָראָוונא, די פרוי פונעם מאָסקווער גענעראל־גובערנאטאָר. אָבער דאָס, וואָס די פירשטן האָט אנערקענט לעוויטאנס טאלאנט, האָט ניט געהאָלפן לייזן די פראגע וועגן זיין רעכט צו וווינען אין מאָסקווע און אין דער מאָסקווער גובערניע. דער מאָסקווער גענעראל־גובערנאטאָר האָט אייפערזיכטיק אויסגעפילט דעם „הויכגעבירטיקן באפעל" וועגן ארויסשיקן די יידן. מע האָט דערציילט אזא פאל: אין גענעראל־גובערנאטאָרישן הויז האָט מען דורכגעפירט עלעקטרישע שיין. באקוקנדיק די ארבעט, וואָס איז נאָך ניט אינגאנצן געווען פארענדיקט, האָט דער גרויסער פירשט געלויבט דעם מאָנטיאָר. דער מאָנטיאָר האָט דערביי באמערקט: „איך ווייס ניט, צי וועל איך קאָנען פארענדיקן די ארבעט". „פארוואָס?" — האָט

געפרעגט דער גרויסער פירשט. „איך בין א ייִד, מע שיקט מיך ארויס פון מאָסקווע". „איז אײַלט זיך צו", — האָט אים געייצעט דער גרויסער פירשט...

דעם 24 יאנואר 1892 האָט דער קינסטלער מ. וו. נעסטעראָוו געשריבן זײַנע קרוויוים קיין מאָסקווע: „...איך בין געגאנגען קוקן לעוויטאנס בילד, וועגן וועלכן מע רעדט דאָ אזויפיל. דאָס בילד איז א גרויס', מיט א ראם פון פיר ארשין. עס הייסט „באם וואסער־ווירבל". דער אײַנדרוק — א קאָלאָסאלער. אן אומרויִקער געפיל כאפט דיך פולקום ארום און האלט דעם צושויער אין א שפאנונג די גאנצע צײַט. זינט קינדזשיס צײַטן האָט אינעם פייזאזש זיך אזוינס קיינמאָל ניט באוויזן".

אין לעוויטאנס בילד „באם וואסער־ווירבל" האָט נעסטעראָוו געזען עפּעס אזוינס, „וואָס דער אווטאָר האָט אליין איבערגעלעבט און פארקערפּערט דעם דראמאטישן לאנדשאפט אין רעאלע פאָרמען". די ייִדן, וועמען מע האָט ארויס־געשיקט פון מאָסקווע לויט דעם „הויכגעבירטיקן באפעל", האָבן דאָס בילד גע־טײַטשט אין דער שײַן פון זייער אייגענעם גורל.

מיט גרויס דערפאָלג איז „באם וואסער־ווירבל" עקספּאָנירט געוואָרן אף דער XX באוועגלעכער אויסשטעלונג. עס האָט דאָס בילד געקויפט פאר 3000 רובל פּ. מ. טרעטיאקאָוו.

אין דער זעלבער צײַט זײַנען די גזירעס אף ייִדן געוואָרן אלץ שטארקער און שטארקער, און ס'איז שוין אומעגלעך געווען צו דערשלאָגן זיך א דער־לויבעניש פאר לעוויטאנען, ער זאָל האָבן דאָס רעכט צו וווינען אין מאָסקווע אָדער אין דער מאָסקווער גובערניע. דעם קינסטלער איז אויסגעקומען אוועקפאָרן אין דער וולאדימירער גובערניע. דאָרט האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן עטיודן צו דעם בילד „וולאדימירקע. דער גרויסער וועג".

„וולאדימירקע" — אזוי האָט מען אין פאָלק גערופן דעם עטאפּ־וועג פון די ארעסטירטע, וועלכע מע פלעגט פארשיקן קיין סיביר. די ארעסטאנטן האָבן גע־שפאנט איבער דער „וולאדימירקע" צופוס אין א באליבּיקן וועטער, צוגעקאָוועטע מיט האנטקייטלעך צו אן אײַזערנער שטאנג. יערלעך זײַנען איבער דער „וולא־דימירקע" דורכגעגאנגען פון 8 ביז 12 טויזנט פארשיקטע רעוואָליוציאָנערן. לע־וויטאנס בילד האָט געניאל סינטעזירט דאָס געשטאלט פון דעם צארישן רוס־לאנד — די טורמע פון די פעלקער. מיט פייזאזש־מיטלען האָט זיך דעם קינסט־לער אײַנגעגעבן אויסצודריקן דעם טרויער פאר יענע, וואָס האָבן געשמאכט אונטערן יאָך פון דער זעלבסטהערשונג.

דאָס בילד „וולאדימירקע. דער גרויסער וועג" האָט לעוויטאַן אונטערגעטראָגן אלס מאטאָנע דער טרעטיאקאָווער גאלעריי.

אין פאַריקן יאָרהונדערט איז אין רוסלאנד אדאנק דער דעמאָקראטישער אינטעליגענץ באוווסט געוואָרן די שאפונג פונעם ענגלישן פּאָעט טאָמאס מור, וועלכער האָט דעמאסקירט די רעאקציאָנערע פּאָליטיק פון די ענגלישע רעגירער. דער נאָענטער צו די דעקאבריסטן פּאָעט אי. אי. קאָזלאָוו האָט איבערגעזעצט אף רוסיש ט. מורס ליד „וועטשערני זוואָן" — „דער אָוונט־געקלאנג". אפן טעקסט פון אָט דער איבערזעצונג איז געשאפן געוואָרן א ליד, וועלכע איז דורכגעדרונגען מיט דראמאטיזם און איז ביז גאָר מוזיקאליש־אויסדריקלעך.

לעוויטאַן האָט לײַדנשאפטלעך ליב געהאט מוזיק און געזאנג. זײַן שאפונג איז געווען ענג פארבונדן מיט דער קלאנגען־הארמאָניע. געערעכט איז געווען דער קינסטלער וו. א. סימאָוו, ווען ער האָט געשריבן: „לעוויטאנס בילדער — דאָס זײַנען הארציקע לידער, וועלכע זײַנען געשילדערט אפן לײַוונט". איינע פון אזעלכע הארציקע לעוויטאנישע לידער איז „דער אָוונט־געקלאנג" — „וועטשערני זוואָן", וואָס לעוויטאַן האָט געשאפן אין 1892, אין דער צײַט, ווען מע האָט די יידן ארויסגעשיקט פון מאָסקווע, און ס'איז בולעט אויסגעדריקט איר טיפער דראמאטישער אונטערטעקסט.

אונטערן דרוק פון דער פּראָגרעסיוו געשטימטער געזעלשאפטלעכקײַט האָט די רעגירונג געמוזט פארלײַכטערן די רעפּרעסיווע מיטלען קעגן די יידן. אדאנק דעם איז לעוויטאנען געלונגען אין דעקאבער 1892 באקומען א דערלויבעניש (ווײַזט אויס, דערווײַל א צײַטווײַליקע) צו וווינען אין מאָסקווע.

זומער 1893, לעבנדיק אין דער טווערער גובערניע, אף דער אָזערע אודאָמליא, הינטער ווישני וואָלאָטשאָק, האָט לעוויטאַן אָנגעהויבן מאָלן דאָס בילד „איבער דער אייביקער רו". אף די שטײַלע ברעגן פון א פולוואסערדיקער אָזערע זעט זיך ארויס אן אלט הילצערן קלויסטערל און א פארוואָרלאָזטער דאָרפישער צווינטער. אָבער אויך דאָ איז ניטאָ קיין רו. פונעם האָריזאָנט קומען אָן אפן צווינטער ריזיקע, פײַערדיקע געוויטער־כמארעס, וועלכע שפּיגלען זיך אָפּ אף דעם זיך כוואליענדיקן אויבערפלאך פון דער אָזערע. פון א האסטיקן ווינט בייגן זיך דיביימער, עס פאלן אום די אלטע צלאָמים. אין אָט דעם בילד האָט לעוויטאַן אויסגעדריקט אף א סימבאָלישן אופן דעם אָנקום פונעם רעוואָליוציאָנערן געוויטער איבער דעם פּאטריארכאלן רוסלאנד.

לעוויטאַן האָט געהאלטן, אז דאָס בילד „איבער דער אייביקער רו" איז זײַן צענטראל ווערק. „אין אָט דעם בילד בין איך פאראן אינגאנצן מיט מײַן

גאנצער פסיכיק, מיט מײַן גאנצן אינהאלט״, — האָט ער געשריבן פּ. מ. טרעטיאַקאָוון.

באלד נאָך דעם מאָנומענטאלן לײַוונט „איבער דער אייביקער רו״ האָט לעוויטאַן געשאַפן א ציקל פון לעבנסבאַשטעטיקנדיקע, פריידיקע בילדער („מאַרט״, „א פרישער ווינט. די וואָלגע״, „דער הארבסט״), וועלכע זײַנען געבוירן געוואָרן אונטערן אײַנפלוס פון דער אינטענסיווער אנטוויקלונג פון דער באַפרײַונגס־באַוועגונג אין לאַנד.

ס׳איז שווער צו גלייבן, אז אָט די בילדער, דורכגעדרונגענע מיט א מונטערער אופאַסונג פון דער וועלט, האָט געשאַפן א מענטש, וועלכן די שווערקײַטן פון זײַן לעבן האָבן דערפירט צו אן אומויסהיילעוודיקער קראַנקײַט. שוין אינעם אָנהייב פונעם 1894 יאָר האָבן לעוויטאַנען אָנגעהויבן מאַטערן שאַרפע אטאַקעס פון סטענאָקאַרדיע. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָבן אים אַלץ אָפטער באַהערשט שטימונגען פון אומעט, האָפענונגסלאָזיקײַט. אין קאָפּ זײַנען געקראָכן געדאַנקען וועגן זעלבסטמאָרד. די דאָקטוירים האָבן אים געשיקט זיך היילן קיין אויסלאַנד. דאָרט האָט ער אָבער קעסיידער געליטן פון נאָסטאַלגיע — געבענקט נאָכן היימלאַנד. פרילינג 1894 האָט ער געשריבן א. מ. וואַסנעצאָוון פון ניצא:

„איך פיל זיך א ביסל בעסער, האָגאַם פונדעסטוועגן ניט פויגלדיק. קיין איטאַליע פאָר איך ניט, אין א וואָך־צוויי ארום פאָר איך קיין פאַריזש א קוק טאָן די אויסשטעלונגען, און צוריק.

איך שטעל זיך פאָר, וואָס פאַר א פראַכט ס׳איז איצט בא אונדז אין רוסלאַנד — די טײַכן האָבן זיך צעגאָסן, אַלץ לעבט אויף... קיין בעסער לאַנד, ווי רוסלאַנד, איז ניט פאַראַן״.

זײַענדיק צום דריטן מאָל אויף היילונג אין אויסלאַנד, האָט לעוויטאַן געשריבן זײַן לאַנגיאָריקן פרײַנט נ. א. קאָסאַטקינען פון גענוע:

„וואָס פאַר אן אומעט ס׳איז דאָ, מײַן טײַערער ניקאָלײַ אַלעק[סייעוויטש]. צוליב וואָס פאַרשיקט מען אהער מענטשן רוסישע, וועלכע האָבן אזוי שטאַרק ליב זייער היימלאַנד, זייער נאַטור, ווי איך, לעמאַשל?! צי דען קאָן די דאָרעמדיקע לופט אינדערעמעסן אופשטעלן דעם אָרגאַניזם, דעם גוף, וואָס איז אזוי אומצערײַסבאַר פאַרבונדן מיט אונדזער גײַסט, מיט אונדזער מעהוס?! און אונדזער מעהוס, אונדזער גײַסט קאָן זײַן רויִק בלויז בא זיך, אויף אונדזער ערד, צווישן אייגענע, וועלכע, איך דערלאָז, קאָנען זײַן מינוטנווײַז אומאָנגענעם,

שווער, אָבער אָן וועלכע ס'איז נאָך ערגער. מיט וואָס פאר א היספּיילעס וואָלט איך זיך אריבערגעטראָגן קיין מאָסקווע!".

אין 1896 איז אין ניזשני־נאָווגאָראָד איינגעאָרדנט געוואָרן אן אלרוסלענדישע קינסטלעריש־אינדוסטריעלע אויסשטעלונג. אינעם אָרגאַניזירן די דאָזיקע אויסשטעלונג האָט אָנטיילגענומען ס. אי. מאמאָנטאָוו, מיט וועמענס הילף עס זיינען דאָרט עקספּאָנירט געוואָרן לעוויטאנס „מארט", „א פרישער ווינט. די וואָלגע", „דער גאָלדענער הארבסט" אא. בילדער.

אין שטאָטישן זומער־טעאטער איז ארויסגעטראָטן מאמאָנטאָווס מאָסקווער פּריוואטע רוסישע אָפּערע. אין אירע פאָרשטעלונגען האָט צום ערשטן מאָל ווי ס'געהער צו זיין זיך אנטפּלעקט דער אויסערגעוויינלעכער טאלאנט פון פיאָדער שאליאפּינען. שאליאפּינס אויפטריט האָט ארויסגערופן בא אלע עכטע שעצער פון קונסט, צווישן זיי — בא לעוויטאנען, אן אומגעהערטע היספּיילעס. שפּעטער האָט דער גרויסער קינסטלער זיך באפריינדעט מיט שאליאפּינען. פיאָדער שאליאפּינען האָט מען אָפט געקאָנט טרעפן אין לעוויטאנס אטעליע.

איבערעכענענדיק יענע אויסערסט באגאבטע מענטשן פון מאמאָנטאָווס ארומרינגלונג, בא וועמען ער האָט „געהאט דאָס גליק א סאך צו לערנען", דערמאָנט שאליאפּין אין זיין בוך מעמוארן „די מאסקע און די נעשאָמע" אויך לעוויטאנען.

„אונדזער באוווסטער פּייזאזשיסט איסאק איליטש לעוויטאן, — שרייבט שאליאפּין, — האָט ניט געהאט קיין אומיטלבארע שייכעס צו מיין טעאטראלער ארבעט, אָבער טאקע ער האָט מיך געצוווּנגען דערפילן די נישטיקייט פון א פּייזאזש, אף וועלכן ס'איז אָנגעמאָלט א באנאלער עפּלבוים אין צוויט.

וואָס מער איך האָב זיך געטראָפן און געשמועסט מיט דעם ווונדערלעך הארציקן, פאָשעטן, פארטראכטן און גוטן לעוויטאנען, וואָס מער איך האָב געקוקט אף זיינע טיף פּאָעטישע פּייזאזשן, אלץ מער האָב איך אָנגעהויבן פארשטיין און שעצן די פּאָעזיע אין דער קונסט..."

אין 1897 האָט לעוויטאן, דער דעמלט שוין באוווסטער ווייט אויסער די גרענעצן פון דער רוסלענדישער אימפּעריע קינסטלער, באקומען דעם טיטל אקאדעמיקער פון דער קונסט־אקאדעמיע. דער דאָזיקער טיטל האָט ניט נאָר געמאכט געזעצלעך זיין רעכט צו וווינען אומעטום אויסער דעם טכום־האמוישעוו, נאָר אויך געגעבן אים דאָס רעכט אף פּערזענלעכן אדלטום. ווען מע האָט אין דער מאָסקווער שול פאר מאָלעריי, סקולפּטור און ארכיטעקטור פארטראכט ווידער צו עפענען א פּייזאזש־ווארשטאט, האָט מען באשלאָסן איינצו-

לאדן אף דעם פּאָסטן פון איר אָנפירער וו. ד. פּאָלענאָוו, אָבער ער האָט קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט און פאַרגעלייגט אָנשטאָט זיך לעוויטאַנען. לעוויטאַן האָט געגעבן זײַן האסקאָמע. מיט דעם אייגנטימלעכן פאר זײַן נאטור פלײַס האָט ער זיך גענומען פאר דער ארבעט.

די לימודים האָבן זיך אָנגעהויבן אין הארבסט 1898. לעוויטאַן האָט אײַנגעאָרדנט אינעם ווארשטאט „א נאטירלעכן פּייזאזש". געבראַכט אין דייזשקעס נאטורעלע יאָלקעס און קוסטעס, אַלטע פּניאָקעס, מאָך, גראָז. פאַרהאנגען די פענצטער מיט רויטן צײַג, וואָס האָט געשאפן אן איליוזיע פון צאנקענדיקער אָוונט־שײַן. אזא פּייזאזש אינעם לערן־קלאס איז געווען אן אומדערוואַרטע נײַס. רעפּין, וועלכער איז פּונקט דאן געקומען אהין צו פאָרן, איז דערשטוינט געוואָרן, וואָס אזוינס קאָן מען אײַנאָרדענען אין א ווארשטאט.

דעריקער אָבער איז געווען אין לעוויטאַנס לימודים דאָס ארויספאָרן מיט עטיודן אף דער נאטור. „אָן דעם קאָן מען גיט, — האָט ער געטײַנעט צו זײַנע טאלמידים, — מע דארף פילן די נאטור, מע דארף הערן איר מוזיק און ארײַנדרינגען אין איר שטילקײַט". „אין עכטער מאָלערײַ דארף זײַן בלויז עמעס... — האָט לעוויטאַן געלערנט. — שרײַבט פּאָשעט. דאָס טאקע איז דאָס סאַמע שווערע אין דער קונסט... שרײַבט, מיט וואָס פאר א מעטאָדן איר ווילט, דאָס איז א צווייטראנגיקע זאך, — נאָר עס זאָל זײַן ריכטיק, עמעסדיק, הארמאָניש. ווי ווײַט מעגלעך פּאָשעט... דער סאמע פּראָסטער, אײַנפאכער מאָטיוו איז ווערט, מע זאָל אים שילדערן, ער קאָן אויסוואקסן ביז א גרויס פּאָעטיש ווערק, אויב דער קינסטלער וועט אים ליב באקומען און הארציק דערצײלן וועגן אים".

לעוויטאַן האָט שטענדיק גערעדט מיט עכטער מײַסטערשאפט, ווילנדיק מיטן גאנצן הארצן און סײכל איבערגעבן די שילער זײַנע קענטענישן.

„...לעוויטאַן איז געווען אן אלזײַטיק געבילדעטער מענטש, — שרײַבט אין זײַנע זיכרוינעס איינער פון זײַנע שילער, — באזונדערס האָט ער זיך אינטערעסירט מיט הערצענען, בעלינסקין, טשערנישעווסקין. בא זײַן גלענצנדיקן זיקאָרן און אומגעהייערן טאלאנט זײַנען די שמועסן מיט אים קעסיידער געווען אינטערעסאנטע און פארכאפּנדיקע..."

געדענקענדיק, וויאזוי ער אליין האָט אין די יאָרן פון דער לער איבערגעלעבט נויט, האָט לעוויטאַן זיך געסטארעט קיינמאָל ניט באליידיקן די אָרעמע טאלמידים, פאָרזיכטיק זיי העלפן, אונטערזוכן פאר זיי ארבעט.

דער קינסטלער ל. ס. פאסטערנאק, וועלכער האָט דעמלט אונטעריכט אין דער שול פאר מאָלעריי, סקולפטור און ארכיטעקטור, זאָגט איידעס, אז לעוויטאנס שילער „האָבן אים פארגעטערט פאר זיין ווונדערלעך הארץ".

אין 1898 איז אין פעטערבורג געשאפן געוואָרן די קינסטלערישע פארייניקונג „די וועלט פון קונסט", וועלכע האָט זיך געשטיצט אף דער פאָעטיק פונעם סימבאָליזם און אָפּגעוואָרפן סיי דעם אקאדעמיזם, סיי די טענדענציעזקייט פון די פערעדוויזשניקעס. ניט אוועקגייענדיק פון די פערעדוויזשניקעס, האָט לעוויטאן זיך דערנעענטערט מיט אָט דער פאריייניקונג. אין יאנוואר 1899 האָט „די וועלט פון קונסט" איינגעאָרדנט אין פעטערבורג א „צווישנפעלקערלעכע קינסטלערישע אויסשטעלונג פון בילדער", אף וועלכער עס זיינען עקספּאָנירט געוואָרן אויך לעוויטאנס בילדער. לעוויטאן איז געקומען צו פאָרן אף דער עפענונג פון דער אויסשטעלונג. דאָ האָט ער זיך געטראָפן מיט לעוו סאַמאָילאָוויטש באקסטן (די עמעסע פאמיליע זיינע איז געווען ראָזענבערג) — אן אייגנארטיקער קינסטלער מיט א רייכן טאלאנט. באקסט איז דעמלט פארכאפּט געווען מיט ליטאָגראפיע, און ער האָט געשאפן לעוויטאנס גלענצנדן ליטאָגראפישן פּאָרטרעט. ס'האָט זיך באקסטן איינגעגעבן זייער אויסדריקלעך איבערגעבן דאָס געשטאלט פון א מידן, ביז גאָר פילבארן, שיינעם מענטשן מיט טיפע, טונקעלע, פארטראכט-אומעטיקע אויגן.

אין הארבסט 1899 האָט די מאָסקווער געשעפטלעכע קרייזן דערשיטערט ס. אי. מאמאָנטאָווס פילמיליאָניקער באנקראָט. מע האָט אים באשולדיקט אין דעם, אז ער האָט פון די סומעס פונעם מאָסקווער-יאראָסלאווסקער-ארכאנגעלסקער אייזנבאן-וועג צעטרענצלט 9 מיליאָן רובל, סובסידירנדיק דעם ניעווסקער זאוואָד. צוזאמען מיט מאמאָנטאָוון האָט מען אף דער באשולדיקונגס-באנק אוועקגעזעצט צוויי זין זיינע און דעם ברודער.

לעוויטאן האָט מיט גרויס דערשיטערונג אופגענומען דעם אומגליק פון דער מישפּאָכע מאמאָנטאָוו. אין א שמועס מיט אי. אי. לאזארעווסקין האָט ער דעמלט געזאָגט: „סאווא איוואנאָוויטש איז א ביז גאָר ווערטפולער מענטש! אזא מין קאָלאָסאלער קינסטלערישער כוש, אזא ווונדערבאר קענען צונויפזאמלען ארום זיך שיר ניט אלץ, וואָס איז געווען מערקווירדיקס אין דער וועלט פון דער רוסישער קונסט! איר קאָנט זיך ניט פאָרשטעלן, וואָס פאר א מאסע מענטשן עס שטייט איצט פעסט אף די פיס, און בלויז אדאנק מאמאָנטאָווס רעכטצייטיקער און קלוגער, טאקע קלוגער הילף. אָ, איך מיין, אז כ'האָב פולשטענדיק דאָס רעכט צו זאָגן ניט נאָר אין מיין נאָמען, נאָר אינעם נאָמען פון

אלע מײַנע כאווײרים, װעלכע האָבן געהאט כאָטש א װאָסערע־ניט־איז שײַכעס צו די מאמאָנטאָװס, אז ס׳איז ניט געװען קײן מער דערקװיקנדיקע אטמאָספער פאר א קינסטלער, אײדער אין אבראמצעװאָ אָדער אין דעם מאָסקװער הױז פון די מאמאָנטאָװס...״

װען בא פּאָלענאָװן און װאסנעצאָװן איז אופגעקומען דער געדאנק צושיקן מאמאָנטאָװן אן אדרעס מיט אן אױסדרוק פון מיטגעפיל און מיט א באשטע־טיקונג פון זײַנע פארדינסטן אין דער געשיכטע פון דער רוסישער קולטור, האָבן באלד אונטערגעהאלטן אָט דעם געדאנק לעװיטאן און אנטאָקאָלסקי. דעם אדרעס האָט מען צונױפגעשטעלט. אין אים איז, צװישן אנדערס, געװען אָנ־געשריבן:

„קוידעמקאָל דערמאָנען מיר די װוּנדערבארע אָװנטן אין דײַן הױז, װען מיר האָבן פאַרגעלײענט די גרױסע שעפער פון דער פּאָעזיע — די דאָזיקע אָװנטן זײַנען געװען דער אָנהײב פון אונדזער קינסטלערישער אײניקײַט. מיר זײַנען געגאנגען אין דײַן הױז, װי אין אן אײגענער נעסט, און זי איז טאָמיד געװען אָפן פאר אונדז״.

דעם אדרעס האָבן געכאסמעט: „דײַנע פרײַנט װ. װאסנעצאָװ, פּאָלענאָװ, רעפּין, אנטאָקאָלסקי, נעװורעװ, סוריקאָװ, סעראָװ, א. װאסנעצאָװ, אָסטראָוכאָװ, קאָראָװין, לעװיטאן, קוזנעצאָװ, װרובעל, קיסעליאָװ, רימסקי־קאָרסאקאָװ״.

די פּראָקוראטור האָט ניט דערלױבט איבערגעבן דעם אדרעס מאמאָנטאָװן. פונדעסטװעגן האָט ער אים געלײענט, װען מע האָט אים פרײַגעלאָזט, לױטן אױסדרוק פון דעם באװוּסטן זשורנאליסט װ. מ. דאָראָשעװיטש, „טריומפאל״.

פריליגנ 1900 האָט לעװיטאן געארבעט מיט די שילער פון זײַן קלאס אױף דער שעפערישער דאטשע אין כימקי. אײנמאָל איז ער פארשלאפט געװאָרן. זײַנער א שילער האָט אים געבראכט א בריװ פונעם גאנצן קלאס. שמועסנדיק מיטן שילער, האָט ער געזאָגט:

— איר געדענקט, אנומלטן האָט איר גערעדט װעגן װאנט־מאָלערײַ, װעגן פרעסקעס? פארשטײט זיך, אז װאנט־מאָלערײַ איז ניט דאָס אײגענע, װאָס פּאטשקען לײַװוּנטן. װוּ נעמט מען אָבער װענט? בא אונדז איז נאָך ניט פאראן קײן נאָכפרעג אױף װאנט־מאָלערײַ, מיר לעבן ניט בײסן רענעסאנס. עפשער װעט עס אמאָל זײַן, עפשער װעט איר דערלעבן, איך װעל ניט דערלעבן. עס זײַנען, פארשטײט זיך, דאָ קלױסטערס, מע דארף אָבער זײַן א רעליגיעזער מענטש, װי נעסטעראָװ, װי װאסנעצאָװ. מע דארף נאָך מיכטאמע קאָנען צופרידנשטעלן די גאלאָכים און זײערע געשמאקן, װי עס האָבן דאָס געקאָנט טאָן די איטא־

ליענער. איך האָב געזען מאָדערנע וואנט־מאָלעריי אין פאריזש: פּיו־ווי די שאַוואַן — דאָס איז דאָך אזא נידערטרעכטיקייט! איך אייצע איך — האלט זיך באַם פּייזאַזש, דאָס איז ראַיעלער. אויב ניט, וועט איך אויסקומען באַמאָלן כאַכרישע אַכאָבניאַקעס מיטן סטיל פונעם רענעסאַנס, מאַסקים זיין מיט זייער געשמאַק און ווער ווייסט מיט וואָס נאָך.

דער כוידעש מיי פון 1900 איז אין מאָסקווע געווען א רעגנדיקער און קאלטער, באַזונדערס אין דער צייט, ווען דער דעמב האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט. אין איינעם אזא רעגנדיקן טאָג איז לעוויטאַן געקומען קיין כימקי איינגאַנצן א קראַנקער, אָפּט געטרונקען וואַלעריאַנקע גלייך פון דעם פלאַקאָן. די שילער האָבן אים איינגערעדט וואָס גיכער זיך אומקערן אַהיים.

א שווערע קרענק האָט צוגעקאָוועט לעוויטאַנען צום בעט. עס האָט אים באַזוכט א. פּ. טשעכאָוו, אליין ניט אינגאַנצן געזונט. אַנטאָן פּאַוולאָוויטש איז אינגיכן אַוועקגעפאָרן צוריק קיין יאַלטע. לעוויטאַנס פרוי אַנאַ ניקאָלייעווגאַ טורטשאַנינאָווא, וועלכע איז מעסירעסנעפּעשדיק אַרומגעגאַן אַרום דעם כוילע, האָט געשריבן טשעכאָוון:

„אַנטאָן פּאַוולאָוויטש, נאָך איער אָפּפאָר האָט די טעמפּעראַטור יעדן טאָג זיך אויפגעהויבן ביז 40, נעכטן ביז 41 גראַדוס, פולקומע אָפּגעשוואַכטקייט. מיר האָבן אינגאַנצן פאַרלוירן דעם קאָפּ... נאָר איך לאָז ניט אַראָפּ די נאָז. איך גלייב ניט, אז איך וועל אים ניט שטעלן אויף די פיס. מער קאָן איך ניט שרייבן. אַנאַ".

שטעלן לעוויטאַנען אויף די פיס האָט זיך ניט איינגעגעבן. ער איז געשטאָרבן אויף אַנאַ ניקאָלייעוונעס הענט דעם 22 יול (דעם 4 אויגוסט לויטן אלטן סטיל) 1900.

אין סאַמע סאָף פונעם לעבן האָט לעוויטאַן געאַרבעט איבער א מאָנומענטאַלן לייוונט, א באַשיינטן מיט פייערלעכער פרייד. דאָס דאָזיקע בילד, וואָס האָט באַדאַרפט ווערן א סינטעטיש געשטאַלט פון זיין היימלאַנד, האָט ער זיך געקליבן אָנרופן „רוס" («Русь!»).

לעוויטאַן איז געשטאָרבן א דורך אלעמען אָנערקענטער גרויסער קינסטלער. אפילע די צייטונג „נאָוואָיע ווערעמיא" — א רעאַקציאָנערע אויסגאַבע, וואָס האָט געשטעלט פאַר זיך א ציל צו דערשטיקן אין סאַמע עמבריאָן די אָנערקענונג פון וועלכן־ניט־איז טאַלאַנט בא יידן, האָט ניט געקענט אויף זיך די דרייסטקייט אַרויסצוטרעטן קעגן לעוויטאַנען.

נאָך לעוויטאַנס טויט זײַנען אין זײַן ווארשטאט פארבליבן ארום 40 ניט־פארענדיקטע בילדער און בא 300 עטיודן. זײַן פערזענלעכן ארכיוו האָט לעוויטאַן פארזאָגט צו פארניכטן. דער ווילן פונעם פארשטאָרבענעם איז אויסגעפילט געוואָרן.

אָפּלעבנדיק סאכאקל ניט קיין פולע פערציק יאָר, האָט איסאַק לעוויטאַן געשאפן ניט ווייניקער פון 1000 בילדער און פארענדיקטע עטיודן. דאָסראָוו פון זײַנע ווערק זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען צווישן פריוואטע קאָלעקציאָנערן. אין דער ערשטער נאָך זײַן טויט אויסשטעלונג (מאָסקווע, 1901) זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן 203 זײַנע ארבעטן, און אין דער אויסשטעלונג אין 1903 אין אָדעס — 233.

אין פינף און דרײַסיק יאָר ארום, שוין ערעוו דער מילכאָמע (הארבסט, 1938), האָט אין דער טרעטיאַקאָווער גאלעריי זיך פּיַערלעך געעפנט לעוויטאַנס אלפארבאנדישע אויסשטעלונג — איינע פון די גרעסטע פּערסאָנעלע אויסשטעלונגען פון די קלאַסיקער פון דער פּאַטערלענדישער מאָלערײַ־קונסט אין אַט דער אויסשטעלונג זײַנען באוויזן געוואָרן העכער 500 לעוויטאַנס ווערק, געשריבענע מיט אייל־פארב און אקווארעל, ווי אויך געמעלן.

ייִדיש — ב. גערשמאַן

●

# דער מענטשן־פריינט פּיראָגאָוו

אין אפּריל 1856 איז ניקאָליי איוואנאָוויטש פּיראָגאָוו, דער גרויסער רוסי־שער אנאטאָם, מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער פּעטערבורגער וויסנשאפט־אקאדעמיע, אווטאָר פונעם פירבענדיקן אטלאס „די טאָפּאָגראפישע אנאטאָמיע", איינער פון די העלדן פון דער פארטיידיקונג פון סעוואסטאָפּאָל, דער גרינדער פון דער פעלד־כירורגיע און פון דער אנאטאָם־עקספּערימענטאלער ריכטונג אין דער כירורגיע, געצוווּנגען געווען אָנגעבן א מעלדונג אף אוועקצוגיין פון דער מעדיק־כירורגישער אקאדעמיע. דאָס איז געשען מאכמעס די קעסיידערדיקע רייַסענישן מיט דער נאטשאלסטווע, נאָר פארופן האָט ער זיך אף דעם „קאליע געוואָרענעם געזונט" און אף „היימישע סיבעס". ער איז דעמלט אלט געווען בלויז פינף און פערציק יאָר און זיינע שאפונגס־קויכעס זיינען געווען אין פולן בלי.

פּיראָגאָוו איז אוועק אין דעמיסיע אין דער צייַט, ווען די מאפּאָלע אין דער קרימער מילכאָמע האָט מיט א נייַער קראפט אנטפּלעקט די צעפוילטקייַט פון דער פעאָדאלער לייַב־אייגנטימערישער אָרדענונג. דאָס דערציִען א נייַעם דאָר איז דעמלט געוואָרן איינע פון די וויכטיקסטע פראגן, וועלכע האָט צוגע־צויגן צו זיך די אופמערקזאמקייַט פון די בעסטע מענטשן אין לאנד.

מיט לייזן אָט די פראגע האָט זיך פארנומען פּיראָגאָוו. אין יון 1856 האָט ער אָפּגעדרוקט זייַן ערשטן פּעדאגאָגישן ארטיקל „די פראגן פון לעבן", אין וועלכן ער איז ארויסגעטראָטן מיט א שארפער קריטיק פון דער עקזיסטירנדי־קער סיכטעם פון דערציִונג און אונטערריכטונג. „ניט דער איז געבילדעט, — האָט דערקלערט פּיראָגאָוו, — ווער עס האָט אין זיך אָנגעזאמלט וויסן פון קלוגע ביכער און ווער עס קאָן זיך אריינלאָזן אין כקירע מיקויעך קלוגע זאכן, נאָר דער, ווער עס האָט באקומען אן עכטע בילדונג — זיך צוגעגרייט אויסצוהאלטן א ניט־גלייַכן קאמף מיט די איראציִאָנעלע געזעלשאפטלעכע יעסוידעס". די אידייע פון הומאניזם, די אידייע פון שאפן „דעם עכטן מענטשן", דעם בירגער און ניט א באאמטן, וועלכע פּיראָגאָוו האָט ארויסגעזאָגט אינעם ארטיקל, איז געווען באזונדערס אקטועל פאר יענער צייַט. פּיראָגאָווס ארטיקל האָט מען איבערגע־דרוקט אין א סאך פעריאָדישע אויסגאבעס. לויט ווי עס האָט געשריבן דער

גרויסער רוסישער פּעדאַגאָג־דעמאָקראַט ק. ד. אושינסקי, האָט דער אַרטיקל „דערוועקט... דעם פּעדאַגאָגישן געדאַנק, וואָס איז ביז דאַן נאָך געשלאָפן...“ דער דראַמאַטורג א. נ. אָסטראָווסקי האָט זיך אָפּגערופן אויף פּיראָגאָווס ארויסטרעטונג מיט דער פּיעסע „א פּאַרנאָסעדיק אָרט“ („דאָכאָדנאָיע מיעסטאָ“).

אונטערן דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג האָט מען פּיראָגאָוון אין סענטיאַבער 1856 גאָמינירט אלס אפּעטראָפּעס (אופזעער) פונעם אָדעסער לערן־קרייז, אין באַשטאַנד פון וועלכן עס זיינען אריין די לערן־אנשטאַלטן, וואָס האָבן זיך געפונען, אויסער אין אָדעס און טאַגאַנראָג, אויף דער טעריטאָריע פון נאָוואָראָסיע (אונטערן דאָזיקן נאָמען האָבן זיך דעמאָלט פאַראייניקט די כערסאָנער, יעקאַטערינאָסלאַווער, טאַווריטשעסקער און בעסאַראַבער גובערניעס און די געגנט פונעם דאָנסקער כאַיל). פּאַוועל דער ערשטער האָט איינגעפירט אין אָט דעם קאַנט דאָס לייב־אייגנטום. ווען ס'האָט זיך געבילדעט דער טכום־האַמוישעוו, ווייל די רעכטבערעגיקע אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד, ליטע מיט זייער גרויסער יידישער באַפעלקערונג זיינען אריבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד, איז נאָוואָראָסיע אויך אריין אין די גרענעצן פונעם טכום. מיט דער צייט איז אפן ברעג פונעם שווארצן יאַם אויסגעוואַקסן די גרויסע האַפן־ און האַנדלס־שטאָט אָדעס, וועלכע איז געוואָרן א צענטער פון עקאָנאָמישן און קולטור־לעבן אויך פאַרן דאָרעם־רוסישן יידנטום. בייס פּיראָגאָווס אָנקומען קיין אָדעס, האָט זי געציילט זיבעצן טויזנט יידן, פיר און דרייסיק באַטעמעדראָשים, צוועלף דאָקטוירים־יידן, זעקס נאָטאַריוסן־יידן, פיר אַדוואָקאַטן־יידן, פיר הונדערט זיבן און זיבעציק מישפּאָכעס סאָכרים־יידן (פון דער ערשטער גילדיע — 7, פון דער צווייטער גילדיע — 28, פון דער דריטער — 442). די יידן האָבן אָנטיילגענומען אין דער עפנטלעכער שטאָט־פאַרוואַלטונג; מע פלעגט זיי אויסוויילן אלס מיטגלידער פונעם קאָמערציע־געריכט.

באַשטימענדיק פּיראָגאָוון אפן אמט פון דעם אפּעטראָפּעס פונעם אָדעסער לערן־קרייז, האָבן די מאַכט־אָרגאַנען געמיינט, אז ווייט פון דער הויפּט־שטאָט וועט ער אזוי דערלעבן זיינע יאָרן און זאָרגן מער וועגן זיך, איידער וועגן געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן. נאָר דאָס זיינען געווען פּוסטע האָפענונגען. אויך אפן נייעם אָרט איז פּיראָגאָוו ארויסגעטראָטן קעגן דער ביוראָקראַטישער אָנפירונג מיטן פּראָצעס פון לערנען און דערציען, דערקלערנדיק, אז דער ביוראָקראַטיזם ברענגט אין ערגעץ ניט אזא שאָדן, ווי אין דער וויסנשאַפט און דערציונג. קעדיי צו דערוועקן בא די לערער א שטרעבונג צו זעלבשטענדיקער שאַפונגס־טעטיקייט, דאַרף מען העכערן בא זיי דאָס געפיל פון אכרייעס פאַר

זייער בירגער־מיסיע, אקטיוויזירן די ארבעט פון די פעדאגאָגישע סאָוועטן, פאר־שטארקן די פעדאגאָגישע צוגרייטונג פון די קינדער אויף די ערטער, אָרגאניזירן אן אויסטויש מיט דערפארונג. א דערציִענדיקע באדייַטונג האָט פיראָגאָוו צו־געגעבן דער פערזענלעכקייַט פונעם דערציִער, באמערקנדיק, אז די הויכע מאָראַל פונעם פעדאגאָג איז דער יעסאָד פאר דער מאָראַל פונעם קינד.

צווישן אנדערס, האָט פיראָגאָוו געלייגט אויפמערקזאמקייַט אויף דעם מאַ־צעוו פון דער ייִדישער בילדונג אין דעם קאנט. ער איז שטענדיק ארויסגע־טראָטן קעגן דער נאציאָנאלער אומטאָלעראנץ, קעגן דעם טכום־האמוישעוו, וואָס איז געווען פאר די ייִדן די סאמע שווערע אנטפלעקונג פון אומגלייַכהייַט. דער טכום, האָט ער געהאלטן, איז אן איבערלעבונג פון פארגאנגענע צייַטן, „וואָס איז נישט נאָר ניט הומאניש, נאָר אויך ניט ראציאָנעל, און מער פון אלץ אומפּראקטיש". ער האָט געשריבן: „...אין א גרויס לאנד מיט א קליינער באַ־פעלקערונג, וואָס נייטיקט זיך אין אן אינטעליגענטן און מאָראלישן קאפיטאל, באגרענעצן מיט גאנץ אומזיכערע פּאָליציייִשע און אדמיניסטראטיווע מיטלען די סעמיטישע איידע — איז בעעמעס דער סאמע גרויסער פּאָליטישער אבסורד, וואָס פירט בלויז צו דעמאָראליזאציע סײַ בא דער באשרענקטער, סײַ בא דער באשרענקנדיקער סוויווע".

ווען פיראָגאָוו איז געוואָרן אן אפעטראָפּעס איבערן אָדעסער לערן־קרייַז, האָט ער געהאלטן פאר זייַן פליכט צו ווענדן די אויפמערקזאמקייַט פון דער רעגירונג אויף דעם בייז, וואָס עס טראָגט מיט זיך דער טכום־האמוישעוו, און האָט אָנגעהויבן מילדערן מיט אלע צוגענגלעכע פאר אים מיטלען די דיסקרי־מינאציע פון די ייִדן, וועלכע האָט געוועלטיקט אין אָט דער גרויסער געטאָ, און דעם שאָדן, וואָס זי ברענגט מיט זיך.

האלטנדיק, אז די גאנצע צוקונפט געפינט זיך אין די הענט פון דער שול, האָט פיראָגאָוו ענערגיש זיך גענומען פאר דער בילדונג־רעפאָרם פון דער ייִדישער באפעלקערונג אין נאָוואָראָסיע. דאָרט איז, לויט דער סטאטיסטיק, אויף 97 טויזנט מענער ייִדן אויסגעקומען אן ערך 4000 לערנענדיקע ייִנגלעך, פון זיי האָבן 514 באזוכט די קאזיאָנע שולן, וואָס זייַנען געווען אונטערגעאָרדנט דעם לערן־קרייַז, און די איבעריקע האָבן זיך געלערנט אין כיידער — א פריי־וואטער (פאר סכארלימעד) לערן־אנשטאלט, אין דער צייַט, ווען די טאלמעטוירע איז געווען אן עפנטלעכע (אָן געלט) און דאָרט האָבן זיך געלערנט קינדער פון קאפּצאָנים, יעסוימים.

די טאַלמעטוירעס זײַנען צום ערשטן מאָל געגרינדעט געוואָרן נאָך אין XVI יאָרהונדערט אין רוים. די רעליגיעזע קעהילעס פלעגן זיי אויסהאַלטן און פולקום קאָנטראָלירן. די לערע אין די טאַלמעטוירעס האָט געטראָגן א שמאָל רעליגיעזן כאַראַקטער.

ווען פיראָגאָוו איז אַרײַן אין דער אָדעסער טאַלמעטוירע, האָט ער דערזען קויטיקע, ניט־צוגעקעמטע קינדער, אַנגעטאָן קרוע־בלוע. זיי זײַנען געזעסן אויף די בענקלעך און האָבן געלייענט זינגענדיק דעם טאַלמוד אונטער דער אָנפירונג פון פונקט אַזא קויטיקן און ניט־צוגעקעמטן מעלאַמעד. אַלע זײַנע לימודים, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון אינדערפרי ביז אַפּדערנאַכט, האָבן זיך באַגרענעצט מיט איבערזעצן דעם טאַלמוד פון העברעיִש אויף יידיש. א סקאַרינקע ברויט, — האָט זיך דערמאָנט שפּעטער פיראָגאָוו, — וואָס אָט די אָרעמע קינדער פלעגן מיט זיך ברענגען, האָט זיי געדינט אַלס איינציקע שפּײַז. ס'האָט זיך געדוכט, אַז סײַ דער מעלאַמעד, סײַ די טאַלמידים האָבן די גאַנצע האָפענונג זייערע געלייגט בלויז אויף דער גײַסטיקער דערנערונג.

ארומרײַזנדיק איבער דעם לערן־קרײַז, האָט פיראָגאָוו זיך איבערצײַגט, אַז אין א סאַך ערטער פון נאָוואָראָסיע זײַנען די טאַלמעטוירעס אין נאָך אין ערגערן צושטאַנד, איידער אין אָדעס. זיי האָבן זיך געפונען אין פײַכטע, קאַלטע הײַזקעס, אין בעסוילעם־שטיבלעך, אָדער אין ניט קיין גרויסע צימערן בא די מוישעוו־זקיינים און באַטעמעדראָשים. קורצזיכטיקײַט, שוואַכקײַט פון דער ריִע, רעוומאַטיזם — אַזעלכע זײַנען געווען די געוויינלעכע קראַנקײַטן בא די טאַלמידים.

דעם 1 פעווראַל 1857 יאָר האָט פיראָגאָוו אָפּגעשיקט דעם מיניסטער פאַר פאָלקס־בילדונג א. ס. נאָראָוון אַן אַמטלעכן בריוו מיקויעך דער בילדונגס־רע־פאָרם פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין נאָוואָראָסיע:

„...איך האַלט פאַר מײַן כויוו צו באַמערקן, — האָט געשריבן פיראָגאָוו, — אַז באַם איבערגעבן מײַנע אָנשויוּנגען אויף אָט דעם קעגנשטאַנד, וועלכער איז אַזוי וויכטיק אין מײַנע אויגן און וואָס האָט אַזא נאָענטע שײַכעס צו דעם מאַצעוו פון א גאַנצער איידע, האָב איך זיך געשטעלט פאַר א קלאָל צו אַרויסזאָגן אָפן, לויטן כויוו פונעם געוויסן און פון דער דינסט, מײַנע אינערלעכע איבערצײַגונגען, ניט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר הערשנדיקע מיינונגען און דעקרעטן. איך האָב געזאַמלט מיינונגען, זיי פאַרגלײַכט, קריטיש פאַנאַנדערגעקליבן און זיך באַמיט, ווי ווײַט מעגלעך, אָן שום פּניִעס פאַרצושטעלן די לאַגע פון דער יידישער בילדונג אין איר עכטן אויסזען".

באַציִענדיק זיך מיט אָפּשײַ צו די רעליגיִעזע געפילן פון די ייִדן, אָפּמערקנדיק די פילהונדערטיאָריקע שטרעבונג זייערע צו לערנען די קינדער פון קליינווײַז אָן; קריטיקירנדיק שאַרף אין דער זעלבער צײַט דעם מאַצעוו פון דער ייִדישער בילדונג אין נאָוואָראָסיע, האָט פּיראָגאָוו פאָרגעלייגט (ניט באַליידיקנדיק די רעליגיִעזע געפילן פון די ייִדן) אַוועקצושטעלן אויפן ערשטן אָרט איינעם קורס פון דער לערן־פראָגראַם פאַר ייִדישע שולן דאָס דערלערנען אורעלטע און נײַע שפּראַכן (צו וועלכע ייִדן האָבן באַזונדערע פעִיִקײַטן), מאַטעמאַטיק, געאָגראַפיע, נאַטורוויסנשאַפטן, מוזיק, פאַרשיידענע מעלאָכעס. „ייִדישע שולן, — האָט דערקלערט פּיראָגאָוו. — דאַרפן צוגרייטן מענטשן צו א פּראַקטיש לעבן און ניט דערציִען זיי ווי בלינדע נאָכפאָלגער פונעם טאַלמוד“. פּיראָגאָוו האָט פאָרגעלייגט העכערן דעם בילדונגס־צענז פון די מעלאַמדים, אויסגלײַכן זיי אין די רעכט מיט לערער פון רוסישע שולן, צוציִען פאָרשטייער פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקײַט צום אָנטייל אין דער אַפּעטראָפּסעס איבערן לערנען די קינדער, שאַפן פאַנסיאָנען פאַר אָרעמע קינדער, אָרגאַניזירן שולן פאַר ייִדישע מיידלעך. דערבײַ האָט ער קאַטעגאָריש פאַרורטיילט וועלכע־ניט־איז פּאָליציייִשע צוואַנגס־מיטלען. ער האָט פאָרגעלייגט, איבערלאָזנדיק די אָדעסער טאַלמעטוירע אין אַדמיניסטראַטיוון פראַט אונטער דער אָנפירונג פון די עלטסטע, וועלכע ס'האָט אויסגעוויילט די קעהילע, מאַכן זי פאַר א מוסטער פון דער ייִדישער שול פאַרן גאַנצן קאַנט.

די רעאָרגאַניזאַציע פון דער אָדעסער טאַלמעטוירע האָט פּיראָגאָוו אָנגעהויבן, ניט וואַרטנדיק אויף די אָנווײַזונגען פון דעם בילדונגס־מיניסטעריום. צו אָט דעם איניען האָט זיך אים אײַנגעגעבן צוציִען ניט בלויז די קליינצאָליקע ייִדישע אינטעליגענץ, נאָר אויך די גאַנצע ייִדישע קעהילע אין אָדעס. אין א צײַט אַרום האָט די אָדעסער טאַלמעטוירע זיך געענדערט ניט נאָר אויסערלעך, נאָר אין איר גאַנצן וועזן. הויפּט־לערער איז געוואָרן דער געבילדעטער דאָקטער גאָלדנבלום. אין דער טאַלמעטוירע האָט מען אײַנגעפירט פאַר די אָפּשאַצונגען געדרוקטע קלאַס־זשורנאַלן. אומעטום האָט געהערשט ציכטיקײַט און אָרדענונג. אין דער שול־פּראָגראַם האָט פּיראָגאָוו אײַנגעפירט דאָס אונטעריכטן פון גרונטיעסוידעס פון דער היגיִענע. מער פון 260 ייִנגלעך, מערסטנס יעסוימים, זײַנען געווען אָנגעטאָן אין ריינע בײַקענע סורדוטן, קיינער פון זיי האָט איצט ניט געטראָגן קיין צעריסענע שיך, ניט געהאַט קיין ניט־געקעמטע קאָלטענעוואַטע האָר, קיין קויטיקע נעגל. זיבעציק טאַלמידים פון די סאַמע אָרעמע האָבן זיך געשפּײַזט אין דער שול. איינס אַזייגער באַטאָג פלעגט מען זיי טעגלעך געבן

ברויט, סופּ מיט פלייש און קאַרטאָפליעס. נאָך דער קוואַליטעט פון דער שפּייז, איר צעטיילונג און נאָך דער אָרדענונג בייסן עסן האָבן שטענדיק געשפּירט פרויען־אַקטיוויסטקעס פון דעם שול־ראַט.

אויב פריִער, סײַ אין אַ גוטן, סײַ אין אַ שלעכטן וועטער, פלעגן די טאַלמידים וואַכנווײַז זיך ניט ווײַזן אין דער טאַלמעטוירע, אַרומדרייענדיק זיך בעכער איבער די גאַסן, איז איצט די שול, סײַ אין אַ בלאָטע, סײַ אין אַ רעגן, געווען פולגעפּאַקט. צוויי הונדערט יינגלעך זײַנען פולקום איבערגעבויען געוואָרן.

ווען פּיראָגאָוו איז געקומען קיין אָדעס, איז דער איינציקער דרוק־אָרגאַן אין שטאָט געווען די צײַטונג „אָדעסקי וועסטניק”. זי האָט זיך געפונען אין רעשוס פון דער קאַנצעליאַריע פונעם גענעראַל־גובערנאַטאָר. אין אָט דער צײַטונג האָט מען איבערהויפּט געדרוקט יעדיִעס פונעם בירזשע־קורס, וועגן דער צאָל שיפן, וואָס קומען אָן און גייען אָפּ פונעם האַפן, ווי אויך די ציפערן פון עקספּאָרט און אימפּאָרט, פאַראָרדענונגען פון דער אָרטיקער נאַטשאַלסטווע, מיטיילונגען וועגן גאָטעסדינסטן אין קאַטעדראַלן און וועגן אָפיציִעלע צערעמאָניעס. פּיראָגאָוו האָט זיך דערשלאָגן, אַז די צײַטונג איז איבערגעגעבן געוואָרן אין רעשוס פון דעם רישעליִעווער ליציי, וועלכער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער צענטער פון דער הויכער בילדונג ניט נאָר אין אָדעס, נאָר אין גאַנץ נאָוואָראָסיע (דעם ליציי האָט מען גערופן „רישעליִע”, לעזיקאָרן זײַן גרינדער — דעם ערשטן אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק, דעם הערצאָג אַרמאַן אימאַנועל סאָפי סעפּטימאַני דיו פּלעסי רישעליִע, וועלכער איז אין 1789 יאָר אַנטלאָפן פון דער פראַנצויזישער רעוואָליוציע קיין רוסלאַנד און שפּעטער געוואָרן דער מיניסטער אין דער רעגירונג פון ליודאָוויק דעם XVIII).

פּיראָגאָוו האָט אָנטיילגענומען אינעם אַרויסגעבן דעם „אָדעסקי וועסטניק” אויפן סאַמע אַקטיווסטן אופן. אין אָט דער צײַטונג האָט ער אָפּגעדרוקט אַ צאָל זײַנע אַרטיקלען, צווישן זיי דעם אַרטיקל „די אָדעסער טאַלמעטוירע” (דער פּובליציסט אַ. אָ. צעדערבוים, איינער פון די אָנגעזעענע פּראָגרעסיווע טוער פון דער אָדעסער אינטעליגענץ, האָט איבערגעזעצט און פאַרעפנטלעכט דעם אַרטיקל אויף העברעיִש, צוגעבנדיק צו דעם אַן אויספירלעכע עסיי וועגן דער יידישער דערציִונג בכלל).

זײַענדיק אַ האַפן־שטאָט, האָט אָדעס געדינט פאַר אַ טויער, דורך וועלכן עס פלעגן אָפט אַרײַנדרינגען קיין רוסלאַנד פון די לענדער פונעם נאָענטן מיזרעך עפּידעמישע קראַנקייטן. דערויף האָבן געשאַפן אַ גינסטיקן באָדן די אוי־

סערסט אנטיסאניטארע באדינגונגען, אין וועלכע עס האָט געלעבט די אָדעסער אָרעמשאפט. צו פיראָגאָוון, דעם דאָקטער, פלעגן די קאפּצאָנים גיין מאכנעסווייַז. פיראָגאָוו פלעגט אופנעמען די קראנקע אין זייַן היים צוויי מאָל אין א וואָך אין פינקטלעך אָנגעמערקטע טעג און שאָען. די אָרעמעלייַט האָט ער אופגענומען אָן געלט: ניט נאָר אויסגעשריבן זיי רעצעפּטן, נאָר אויך געגעבן געלט אָף צו קויפן די רעפּועס.

ווען אין רוסלאנד האָט זיך גענומען פילן די רעוואָליוציאָנערע סיטואציע, האָט די צייַטונג „אָדעסקי וועסטניק" אָנגעהויבן שרייַבן וועגן דער פרייַהייַט, וועגן פארבעסערן דעם לעבנשטייגער פון די פויערים, וועגן דערציִען דעם עכטן מענטשן — א בירגער, וואָס וועט ברענגען נוצן זייַן לאנד. די אָדעסער מאכטהאָבער האָבן אָפּגעשאצט די ריכטונג פון דער צייַטונג אלס א שעדלעכע. קיין פּעטערבורג זייַנען אוועק מעסירעס, אין וועלכע מע האָט פיראָגאָוון באשולדיקט אין „רעפּובליקאנישע אָנשויוּנגען". עס האָבן זיך געפונען אויך אזעלכע, וואָס פלעגן שרייַבן, אז פיראָגאָוו איז א „קוואזי־פּעדאגאָג" און ער „גיט זיך אָפּ די זשידעס".

אלס פויעל־יויצע דערפון האָט מען פיראָגאָוון פאָרגעלייגט אומקערן דעם „אָדעסקי וועסטניק" אין רעשוס פונעם גענעראל־גובערנאטאָרס קאנצעליאריע, און דעם 18 יול 1858 איז אונטערגעכאסמעט געוואָרן א פאראָרדענונג וועגן אריבערפירן אים אָף א נייַעם אמט — אלס אפּעטראָפּעס פונעם קיִעווער לערנקרייַז.

דעם 3 סענטיאבער 1858 האָט די אָדעסער ייִדישע אינטעליגענץ פייַערלעך באגלייט פיראָגאָוון. א ליטערארישער מיטארבעטער פון דער צייַטונג „אָדעסקי וועסטניק", דער נאָטאריִוס א. א. ראבינאָוויטש, האָט געזאָגט, ווענדנדיק זיך צו פיראָגאָוון:

„אלע, ווען ס'איז טייַער דער רום פון רוסלאנד, זייַנען געקומען אויסדריקן זייער אנערקענונג אייַך, רוסלאנדס ווירדיקן זון, וועלכער האָט טיף פארשטאנען זייַן עמעסן בארוף".

וועגן דעם האָבן אויך גערעדט די דאָקטוירים־ייִדן. זיי האָבן דערקלערט, אז אלץ, וואָס פיראָגאָוו האָט געטאָן אין נאָוואָראָסייער קאנט, „טראָגט בעעמעס אָף זיך א כויסעם פון א העלדישקייַט און אז זיי זייַנען גליקלעך צו באגריסן אין זייַן פערזאָן „א זעלטענעם מענטשן־פרייַנט", און זיי טראכטן דערבייַ „וועגן דעם גרויסן און רומפולן פאָלק, פון וועלכן ער איז ארויסגעקומען".

ענטפֿערנדיק אויף די וואַרעמע ווערטער, האָט פּיראָגאָוו פֿאַרגעלייגט אַ טאָסט „פֿאַרן געזונט פֿון אַלע ביי־וועזנדע פֿאַרשטייער פֿון די פּראָגרעסיווע אידייען אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט".

ווען ניקאָליי איוואַנאָוויטש פּיראָגאָוו איז געקומען קיין קיִעוו, האָט דער קיִעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר גלייך אָפּגעשיקט קיין פּעטערבורג אַ מיטיילונג, אַז, אַריינטרעטנדיק אין דער אָנפֿירונג מיטן לערן־קרייז, האָט פּיראָגאָוו טייקעף פֿאַנאַנדערגעוויקלט אַן אַרבעט אין די לערן־אַנשטאַלטן אין פּראָגרעסיוון גייסט.

אין די גובערניעס, וואָס האָבן זיך אונטערגעוואָרפֿן דעם קיִעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָבן דאַן געלעבט אַרום 600 טויזנט ייִדן, קימאַט אַ העלפֿט פֿון דער גאַנצער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון רוסלאַנד. פּיראָגאָוו האָט אָפֿן דערקלערט, אַז ער האָט ניט בעדייע צו מאַכן אַן אונטערשייד אין נאַציאָנאַלן פּראַט. „אין דער דערציִונג, — האָט ער געשריבן, — זיינען ניטאָ קיין נאַציאָנאַליטעטן, אַלע קינדער זיינען גלייך..."

באַם פֿאַנאַנדעראַרבעטן דעם רעפֿאָרם־פּראָיעקט פֿונעם אוניווערסיטעט האָט ער פֿאָרגעלייגט צו באַזייטיקן אַלע שטערונגען באַם אופֿנעמען ייִדן.

ער איז געווען ענג פֿאַרבונדן מיטן מעדיציניש פֿאַקולטעט פֿונעם קיִעווער אוניווערסיטעט און מיט דער אוניווערסיטעט־קליניק, מיט וועלכער ס'האָט אָנגעפֿירט זיין שילער וו. אַ. קאַראַוואַיעוו. פּיראָגאָוו האָט קאָנסולטירט קאַראַוואַיעוון און אַליין געמאַכט אָפּעראַציעס אין דער קליניק. אין שווערע פֿאַלן פֿלעגן דער לערער און דער שילער אָפּערירן אינאיינעם. זיי האָבן אויסגעפֿונען אַ נייעם צוגאַנג צום כאַלעל פֿון דער נאָז און פֿונעם שלונג. ניט ווייניק מענטשן האָבן זיך געהיילט באַ פּיראָגאָוון און קאַראַוואַיעוון אין דער אוניווערסיטעט־קליניק.

פֿון 1859 יאָר, לויט פּיראָגאָווס איניציאַטיוו, האָט מען אין קיִעוו און דערנאָך אין אַנדערע שטעט פֿון רוסלאַנד אָנגעהויבן אָרגאַניזירן זונטיק־שולן, דאָס הייסט — שולן פֿון אַלגעמיינער בילדונג פֿאַר דערוואַקסענע (אַרבעטער, פּויערים, באַלמעלאָכעס, באַאַמטע), לויט פּיראָגאָווס ביטע האָבן אין אָט די שולן אונטערריכטעט סטודענטן, אָפֿיצערן, שרייבער, פּראָפֿעסאָרן. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר, וועלכער איז געווען שטאַרק אָנגעשראָקן, וואָס די אָנפֿירנדיקע ראָליע האָבן דאָ געשפּילט רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטן, האָט איינגעשטעלט נאָך זיי אַ שטרענגן אויפֿזיכט. דעם אָפּעטראָפּעס פֿונעם לערן־קרייז האָט מען באַפֿוילן, ער זאָל נאָכשפּירן נאָך דער אויפֿפֿירונג פֿון די שילער און פּעדאַגאָגן. פּיראָגאָוו

האָט דערקלערט, אז די ראָליע פון א פּאָליציייִשן אגענט איז פאר אים ניט כאראקטעריסטיש. איינמאָל האָט דער אופזועער פון דער ייִדישער שאבעס־שול אין בערדיטשעוו פארהאלטן א טאלמיד, בא וועמען ער האָט געפונען עטלעכע נומערן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציאָנערער צייַטונג „קאָלאָקאָל" (דער גלאָק), וועלכע עס האָבן דעמלט ארויסגעגעבן אין לאָנדאָן הערצען און אָגאַריאָוו. דער אופזועער האָט מיטגעטיילט וועגן דעם אין דער קאנצעליאַריע פונעם גענעראַל־גובערנאטאָר און אָפּגעשיקט א קאָפּיע פּיראָגאָוון. פּיראָגאָוו האָט גלייַך, דורך א באגלייבטן מענטשן, געוואָרנט די פּראָגרעסיווע טוער אין בערדיטשעוו וועגן דער געפאר, וואָס לויערט איבער דער יוגנט. די טאלמידים פון דער שאבעס־שול האָבן באוויזן אָפּרייניקן זייערע וווינונגען פון דער אומלעגאלער ליטעראטור פריִער, איידער ס'איז געקומען פונעם גענעראַל־גובערנאטאָר א פאראָרדענונג צו מאכן בא די פארדעכטיקע אן אונטערזוכונג.

לעבנדיק נאָך אין אָדעס, איז פּיראָגאָוו געוועזן צווישן די שטאדלאָנים פאר א דערלויבעניש ארויסצוגעבן צוויי פעריאָדישע אויסגאבעס פאר די ייִדן — די וואָכנשריפטן „ראסוועט" אף רוסיש און „האמייליץ" אף העברעיִש. דאָס דערשייַנען פון „ראסוועט" האָט ער באגריסט מיט א בריוו צום רעדאקטאָר א. א. ראַבינאָוויטש.

„איך שטאָלציר מיט דעם, — האָט ער געשריבן, — וואָס איך האָב מיטגעווירקט, אף וויפל איך האָב נאָר געקאָנט, צו פארווירקלעכן אייַער גוטן געדאנק — ארויסגעבן אף רוסיש א זשורנאל, וואָס דארף ווערן אן אָרגאַן פון די רוסישע ייִדן. איר ווייסט, אז סייַ לויט מייַן כויוו, סייַ לויט מייַן איבערצייַגונג, פיל איך הייס מיט דעם געבילדעטן טייל פון אייַער נאציע. דאָס איז, לויט מיר נאָך, א כויוו פון יעדן געבילדעטן רוס. ער דארף אייַך מיטפילן כאָטשבי ארויסגייענדיק פון איר ליבע צו זייַן היימלאנד; אויב ס'קאָן זיך מאכן, אז ניט אלע האלטן מיך אונטער אין מייַן איבערצייַגונג, איז דאָס, מאשמאָעס, ניט דערפאר, וואָס אָט די מענטשן האָבן זייערע אייגענע פאָרורטיילן, נאָר דערפאר, ווייַל זיי טרעטן אָפּ פאר די פאָרורטיילן פון דעם ווייניק געבילדעטן טייל פון זייער פאָלק. און ווירקלעך, פון וואָס פאר א זייַט מיר זאָלן ניט קוקן אף אונדזערע ייִדן, איז ניטאָ קיין ראציאָנעלע סיבע, פארוואָס מיר זאָלן זיי ניט ווינטשן דאָס זעלבע, וואָס מיר ווינטשן זיך אליין: אכטונג צו די איבערצייַגונגען פון יעדער פּערזאָן, צו די פארדינסטן פון יעדערן. ס'איז ניטאָ קיין סיבע, מיר זאָלן ניט ווינטשן, אז ייִדן צוזאמען מיט אונדז זאָלן ברענגען נוצן אונדזער לאנד און דערפאר זיך באנוצן מיט זייַנע טויוועס..."

דעם 12 פעווראל 1861 האָט פּיראָגאָוו אָפּגעשיקט אַן אָפֿענעם בריוו דעם רעדאַקטאָר פֿון דער וואָכנשריפֿט „האַמײליץ" א. אַ. צעדערבוימען. „ווען איך וואָלט זיך אײַנגעגעבן מיט דער הילף פֿון אײַער זשורנאַל, — האָט ער געשריבן, — איבערצײַגן כאָטש א געוויסן טייל פֿון אײַערע גלײַכע... אין דער נייטיקייט פֿון דער אַלמענטשלעכער בילדונג, וואָלט איר געשאַפֿן זיך א דענק־מאָל, וואָס וועט זײַן שטאַרקער פֿון קופּער און גראַניט... דאָס ייִדישע פֿאָלק טיילט זיך אויס מיט זײַן נײַגעריקייט און מיט דער אײַנגעבוירענער כשיוועס צו וויסנשאַפֿט. פֿון קאַדמוינים אָן האָט די וויסנשאַפֿט צווישן אירע קאָריפֿייען א כאָך אָנגעזעענע ייִדן אויטאָדידאַקטן. דאָס אַלץ באַווײַזט, אַז צווישן אונדזערע ייִדן איז גאָר ניט שווער צו פֿאַרשפּרייטן אַלמענטשלעכע בילדונג".

די צאַרישע רעגירונג האָט ניט געקאָנט שאָלעם מאַכן מיט פּיראָגאָוון. דעם 18 מאַרט 1861 איז ער לויטן דעקרעט פֿון אַלעקסאַנדער II באַפֿרײַט גע־וואָרן פֿון זײַן אַמט. אַלס א גרונט פֿאַר דער דעמיסיע האָט מען אָנגעגעבן „דאָס שוואַכע געזונט".

פּיראָגאָוו איז איבערגעפֿאָרן אין זײַן ניט־גרויסן גוט, וועלכער האָט זיך געפֿונען הינטער ווינניצע. ווען אין בערדיטשעוו האָט די שטאָטישע ייִדישע אינ־טעליגענץ אײַנגעאָרדנט פֿאַר אים א קאַבאַלעס־פּאָנעם, האָט ער אין זײַן ענט־פֿער־רעדע געזאָגט: „דאָס איז ניט קיין פֿאַרדינסט, אַזאַ אויפֿירונג ליגט אין מײַן נאַטור. איך האָב ניט געקאָנט האַנדלען קעגן זיך. זינט כ'בין מיטן וועג פֿון וויסנשאַפֿט אַרויף אַפֿן וועג פֿון געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט זײַנען מיר מער פֿון אַלץ פֿריקרע די פֿאָרורטיילן לויטן פּרינציפּ פֿון אָפּשטאַמונג. די דאָזיקע האַנדלונג האָב איך ניט־ווילנדיק אַריבערגעטראָגן אויף פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַלי־טעטן. ווי אין דער וויסנשאַפֿט, אַזוי אויך אינעם לעבן, ווי צווישן די כאַוויירים, אַזוי אויך צווישן די מענטשן, וואָס זײַנען מיר אונטערגעאָרדנט, און צווישן מײַנע שעפֿן האָב איך קיינמאָל ניט געטראַכט צו מאַכן אַן אונטערשייד אין גײַכט פֿון אָפּשטאַם און נאַציאָנאַלער אויסנעמלעכקײַט. די דאָזיקע איבערצײַ־גונגען מײַנע, וועלכע כ'האָב אין משך פֿונעם גאַנצן לעבן אויסגעאַרבעט, זײַנען געוואָרן פֿאַר מיר שוין מײַן צווייטע נאַטור און זיי וועלן ניט פֿאַרלאָזן מיך ווי לאַנג איך וועל לעבן!"

נאָך דער דעמיסיע האָט פּיראָגאָוו א געוויסע צײַט (1862—1866) אָנגע־פֿירט אין הײַדעלבערג מיט דער צוגרייטונג פֿון יונגע רוסישע געלערנטע. ווען ס'איז באַקומען געוואָרן די ידיעה, אַז דער גרויסער איטאַליענישער רעוואָלוי־ציאָנער האַריבאַלדי איז פֿאַרווונדעט געוואָרן, האָבן די הײַדעלבערגער געלערנ־

טע זיך געווענדט צו פּיראָגאָוון מיט דער ביטע אַרויסווײַזן אים מעדיצינישע הילף. מע האָט צונויפגעזאַמלט טויזנט פראַנק, נאָר פּיראָגאָוו האָט זיך אַנטשיידן אָפּגעזאָגט פון זיי. אויף אײגענע קאָסטן איז ער אַרויסגעפאָרן קיין איטאַליע צו היילן גאַריבאַלדין — דעם מענטשן, וועלכער איז געווען איבערצײַגט, אַז דאָס פאָלק פון דעם יונגן רוסלאַנד, „באַפרײַענדיק זיך און בײַקומענדיק דעם צאַריזם, איז באַרופן צו שפּילן אַ גרויסע ראָליע אין די גורלעס פון אייראָפּע”. מיט זײַן גענייטער היילונג האָט פּיראָגאָוו געראַטעוועט בײַ גאַריבאַלדין דעם פוס פון אַמפּוטאַציע.

נאָכן אַטענטאַט פון קאַראַקאָזאָוון אויף אַלעקסאַנדער II אין 1866 יאָר האָט די צאַרישע מאַכט זיך ענדגילטיק צערעכנט מיט פּיראָגאָוון, באַפרײַענדיק אים ווידער און ענדגילטיק פון אַלע פליכטן. ער האָט זיך דאַן באַזעצט אין זײַן גוט, ווו ער האָט זיך פאַרנומען דעריקער מיט היילונגס־טעטיקייט, געשאַפן אין איינעם אַ שטיבל פונעם דאָרף אַ קליינעם שפּיטאָל. זײַן מעדיצינישע פּראַקטיק האָט געגעבן וווּנדערלעכע רעזולטאַטן. קימאַט אַלע אָפּעראַציעס האָבן זיך אײַנגעגעבן אָן גאַנגרענעס, אָן אַ יאַטרענדיקער אינפעקציע. דער באַקאַנטער אין יענער צײַט כירורג פּראָפעסאָר אָפּעל האָט שפּעטער געשריבן, אַז פּיראָגאָווס אָוועקגיין פון דער פּראָפעסור האָט זיך אַרויסגעוויזן לעטויוועס דער כירורגיע. פּיראָגאָוו אַליין האָט דערקלערט: „די סאַמע גליקלעכע רעזולטאַטן האָב איך באַקומען פון דער פּראַקטיק אין מײַן דאָרף”.

אין דאָרף בײַ פּיראָגאָוון איז געווען בלויז איין געהילף — אַ פעלדשער, אַ ייִד מיטן נאָמען אוריִעל אַקאָפּניק. אַפּאָנעם, אַז אין דער יוגנט האָט ער געדינט אַלס סאָלדאַט. אין אַ שפּאַס האָט פּיראָגאָוו אים גערופן אוריִעל אַקאָסטניק.

לעבנדיק די לעצטע 15 יאָר אין דעם דאָרף, פלעגט ער געבן אָן געלט מעדיצינישע הילף דער אָרעמער באַפעלקערונג.

ייִדיש — ל. ראַכמאַן

# וועגן סערגיי יעסענינען

דאָס סאָוועטישע פאָלק האָט געפייערט דעם ערשטן יאָרטאָג פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. דעם 6 נאָיאבער האָט אין מאָסקווע זיך געעפנט דער VI אַלרוסלענדישער אויסעראָרדנטלעכער צוזאמענפאָר פון די סאָוועטן. דעם 7 נאָיאבער האָט מען אפן רעוואָליוציע־פלאַץ געעפנט דעם דענקמאָל מארקסן און ענגעלסן און אפן רויטן פלאַץ — א מעמאָריאַל־ברעט צום אָנדענק פון די קעמפער, וועלכע זיינען אומגעקומען אין די טעג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע און געבראכט געוואָרן צו קווורע בא דער קרעמל־וואנט. לויטן אופטראָג פון דער סאָוועטן־רעגירונג, האָט די מעמאָריאַל־ברעט געמאכט סערגיי יעסענינס פריינט — ס. ט. קאָניאָנקאָוו.

די קאָלאָנע דעלעגאטן פונעם צוזאמענפאָר פון די סאָוועטן בעראָש מיט לענינען איז צוגעגאנגען צו דער קרעמל־וואנט, ווו ס'איז איינגעשטעלט געוואָרן די מעמאָריאַל־ברעט. אפן באַרעליעף איז געווען אויסגעקריצט די פיגור פון א פרוי מיט א פלאַטערנדיקער רויטער פאָן אין איין האנט און מיט א גרינער פאלמע־צווייג — דעם סימבאָל פון שאָלעם — אין דער אנדערער. די פרוי איז באלויכטן מיט דער זון, וועמענס שטראַלן האָבן אויסגעבילדעט אן אופשריפט: „אָקטיאבער־רעוואָליוציע פון 1917". פון אונטן איז אף דער ברעט געווען נאָך איין אופשריפט: „די געפאלענע אינעם קאמף פאר שאָלעם און ברידערלעכקייט פון די פעלקער".

דער אָרקעסטער האָט אויסגעשפילט א טרויער־מארש. אונטער דער מוזיק זיינען אראָפגעלאָזט געוואָרן די פלאגן. פייערלעך, מאיעסטעטיש, מונטער האָט אָנגעהויבן קלינגען א כאָר־ליד — די קאנטאטע, וועלכע ס'האָבן געשאפן די פאָעטן יעסענין און גראסימאָוו. אינעם טעקסט האָבן באזונדערס זיך אויסגעטיילט יעסענינס ווערטער:

שלאָפט, אומפארגעסלעכע ברידער,
רויק. דאָס לייבלעכע לאנד
שיקט די כאַיאָלעס היינט ווידער
הינטער דער קרעמל־וואנט.

. . . . . . . . . . . . . .
גאָלדענע זון איז אַ היטער
פון אונדזער העלדישער וואָר...
שלאָפט, אומפארגעסלעכע ברידער,
ס'פאָלק — דער פילקעפיקער גיבער —
שפאנט צו דעם גרויסן קאיאָר.

ווען דאָס פייערלעכע געזאנג האָט זיך פארענדיקט, האָט לענין זיך געווענדט צו די פארזאמלטע אפן רויטן פלאץ מיט אַ רעדע.

„מיר עפענען דעם דענקמאָל די פאָרגעשריטענע קעמפער פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע פון 1917 יאָר, — האָט געזאָגט לענין. — די בעסטע מענטשן פון די ארבעטנדיקע מאסן האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן, אופהייבנדיק דעם אופשטאנד פאר דער באפרייונג פון די פעלקער פונעם אימפעריאליזם, פאר אָפּשטעלן די מילכאָמעס צווישן די פעלקער, פאר אראָפּשלייִדערן די הערשאפט פונעם קאפּיטאל, פאר סאָציאליזם... לאָמיר געבן א שווע, אז מירן גיין מיט זייער וועג, נאָכפאָלגן זייער שרעקלאָזיקייט, זייער העראָיזם...“

די דאָזיקע לענינס ווערטער זיינען געווען נאָענט און טייער יעסענינען. דער פּאָעט האָט אופגענומען די רעוואָליוציע, וועלכע איז פאָרגעקומען „לעשעם דער אלוועלטלעכער ברודערשאפט פון מענטשן“, ווי די אינטערנאציאָנאלע באהעפטונג פון די פעלקער קעגן אלדאָס אנטימענטשלעכס אף דער וועלט.

אין סאָף פון 1918, ווען די מאָסקווער איינוווינער האָבן געהונגערט, ווען אין דער שטאָט איז געווען א מאנגל אין הייצוואַרג און שיין, האָט יעסענין ניט פארלאָרן דעם אָפּטימיזם. געלעבט האָט ער צוזאמען מיטן פּאָעט געראסימאָוו אף וואָזדוויזשענקע (איצט קאלינין־גאס) אין דעם מויערל פונעם מיליאָנער מאָראָזאָוו, אין... וואנע־צימער. די וואנע גופע איז געווען איבערגעדעקט מיט ברעטער, און לעבן איר איז געשטאנען אן אייוועלע פון ציגל. ס'איז געווען זייער קאלט. די צענטראלע באהייצונג אין מאָראָזאָווס מויערל, ווי קימאט אין אלע מאָסקווער הייזער, האָט דעמלט ניט געארבעט. מע האָט זיך דערווארעמט ווי ווער עס האָט געקאָנט.

גראָד דאָ, אין דעם וואנע־צימער פונעם באוווסטן אף גאנץ רוסלאנד מיליאָנער, איז געבוירן געוואָרן, לויט יעסענינס איניציאטיוו און מיט זיין אומיטלבארן אָנטייל, נאָך אין סענטיאבער 1918, א פארלאג מיטן נאָמען „מאָסקווער

אַרבעטס־אַרטעל פֿון וואָרט־קינסטלער". דער זשורנאַליסט לעוו אָסיפּאָוויטש נאָ־וויצקי האָט שפּעטער געשריבן:

„סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש קליטשקאָוו[1] און איך זײַנען געשטאַנען בעראָש פֿונעם פֿאַרלאַג „אַרטעל פֿון וואָרט־קינסטלער", וועלכן מיר האָבן געשאַפֿן אין 1918. אַ מיטגליד פֿון אונדזער קאָלעקטיוו איז געווען אַ שטיקל צײַט אויך אַנדריי בעלי...[1] בײַ די ערשטע פֿאַרלעגערישע טריט אונדזערע האָט יעסענין פֿעסט גענומען אין די הענט די אָנפֿירונג און די פּראַקטישע אַרבעט".

דער ערשטער בוך, וועלכן דער פֿאַרלאַג „מאָסקווער אַרבעטס־אַרטעל פֿון וואָרט־קינסטלער" האָט אַרויסגעלאָזט, איז געווען, לויט נאָוויצקיס ווערטער, „ראַדוניצאַ" — אַ זאַמלבוך פֿון יעסענינס לידער. דערשינען איז ער אין אָקטיאַ־בער 1918. באַלד נאָך אים זײַנען אַרויסגעלאָזט געוואָרן יעסענינס זאַמלביכער „איבערגעשטאַלטיקונג" און „דאָרפֿישער טשאַסאָסלאָוו"[2].

אין דעקאַבער 1918 האָט יעסענין געשאַפֿן „די קאָמונע פֿון פּראָלעטאַרישע שרײַבער" (צוזאַמענוווינונג פֿון פּראָלעטאַרישע שריפֿטשטעלער). בײַם מאָסקווער סאָוועט האָט ער זיך דערשלאָגן אָן אָרדער אויף אַ קוואַרטיר אינעם הויז, וווּ ס'האָט אַלפֿי נעס געאַרבעט די צענטראַלע באַהייצונג. דאָס הויז איז געשטאַנען אין סאַמע צענטער פֿון מאָסקווע. יעסענין און נאָוויצקי האָבן ניט נאָר אַליין זיך באַזעצט אין דער „קאָמונע פֿון פּראָלעטאַרישע שרײַבער", נאָר אויך אַריבער־געפֿירט אַהין די רעדאַקציע פֿונעם פֿאַרלאַג „מאָסקווער אַרבעטס־אַרטעל פֿון וואָרט־קינסטלער".

אין יענער צײַט האָט יעסענין זיך דערנעענטערט מיטן יונגן ליטעראַטאָר מאַריִענהאָף, וועלכער האָט געאַרבעט אין פֿאַרלאַג פֿון וציק. מאַריִענהאָף און זײַן כאַווער שערשענעוויטש האָבן פּאַרטראַכט צו שאַפֿן אין דער קונסט זייער אייגענע שטרעמונג — אימאַזשיניזם. דעם נאָמען „אימאַזשיניזם" האָבן זיי אַנט־ליִען בײַ דער מאָדערניסטישער שטרעמונג אין דער ענגלישער און אַמעריקאַני־שער פּאָעזיע, וועלכע איז אַנטשטאַנען ערעוו דער ערשטער וועלט־מילכאָמע. מענטשן איניציאַטיווריַיכע, האָבן זיי געפֿייעלט בײַ יעסענינען, ער זאָל אונטער־שרײַבן די „דעקלאַראַציע" פֿון די אימאַזשיניסטן. יעסענין, מאַריִענהאָף און שערשענעוויטש האָבן געשאַפֿן אַ פֿאַרלאַג מיטן נאָמען „אימאַזשיניסטן". אין

---

[1] ס. קליטשקאָוו, אַ. בעלי — רוסישע דיכטער פֿונעם אָנהייב XX יה.
[2] טשאַסאָסלאָוו — אַ זאַמלונג פֿון רעליגיעזע טעקסטן, וועלכע מע פֿלעג אויסנוצן בײַם לערנען לייענען און שרײַבן.

הארבסט 1919 האָט יעסענין זיך אונטערגענומען צו גרינדן אַן „אסאָציאַציע פון פרײַדענקער אין מאָסקווע". צוזאמען מיט מאַריענהאָפן האָט ער צונויפגעשטעלט דעם טעקסט פונעם סטאטוט פון דער אסאָציאַציע, וועמענס ציל איז געווען — „ברייט פאַרשפּרייטן דעם שעפערישן רעוואָליוציאָנערן געדאנק און די רעוואָליוציאָנערע קונסט פון דער מענטשהײַט מיטן וועג פונעם מינדלעכן און געדרוקטן וואָרט". יעסענין האָט דער ערשטער געשטעלט זײַן כסימע אונטער אָט דעם סטאטוט. דער פאָלקס־קאָמיסאר פון בילדונג א. וו. לונאטשארסקי האָט אויסגעדריקט זײַן מיטגעפיל צו די צילן פון דער אסאָציאַציע. אלס מיטגלידער פון דער אסאָציאַציע זײַנען מיט דער צײַט באשטעטיקט געוואָרן, אויסער אימאזשיניסטן, דער סקולפּטאָר קאָניאָנקאָוו, די רעזשיסערן מייערכאָלד און טאַיראָוו אאַ.

אין זעלבן הארבסט פון 1919 האָט דער „ארטעל פון וואָרט־קינסטלער" געעפנט אַף דער גרויסניקיטסקער גאס א ביכער־קראָם. איר „באַלעבאָס" איז געוואָרן יעסענין, וועלכער האָט צוגעצויגן צו דער ארבעט א פאכמאן אין דעם געביט — דאוויד סאמוילאָוויטש אײַזענשטאט, אין די שפּעטערדיקע יאָרן דירעקטאָר פונעם מאָסקווער „בוך־קלייטל" (книжная лавка) פון די שרײַבער אַף קוזנעצקי מאָסט, וואָס עקזיסטירט ביז הײַנטיקן טאָג.

אָט די ביכער־קראָם האָט פארקויפט ניט נאָר נײַע אויסגאבעס. זי האָט אויך געהאט א בוקיניסטישן אָפּטייל. דער האנדל איז געגאנגען גאַנץ ענערגיש. אַפן צווייטן שטאָק איז געווען א צימער מיט א שילדל „קאבינעט פונעם דירעקטאָר", אויסגעשטאט, ווי א סאלאָן, מיט א גרויסן, רונדן טיש, מיט א דיוואַן און ווייך מעבל. דאָס איז ווירקלעך געווען א ליטעראַרישער סאלאָן, אין וועלכן ס'האָט געהערשט א פרײלעכע אטמאָספער. אין די אָוונטן, נאָכן פארמאכן די קראָם, פלעגט יעסענין, צוזאמען מיט אײַזענשטאטן, אונטערציִען די סאכאקלען פונעם פארגאנגענעם טאָג.

די „אסאָציאַציע פון פרײַדענקער", וועלכע האָט פון סאמע אָנהייב אויסגעוויילט אלס איר פאָרזיצער יעסענינען, האָט אָרגאניזירט אַן אייגענעם קלוב — די ליטעראַרישע קאפע מיטן נאָמען „פּעגאס' שטאל". יעסענין האָט קעסיידער אין אָט דער קאפע געלייענט זײַנע לידער. דאָרט זײַנען אויך ארויסגעטראָטן בריוסאָוו, מייערכאָלד און אנדערע אָנגעזעענע טוער פון דער סאָוועטישער קולטור.

יעסענינס באַקאַנטקײַט מיט די אימאזשיניסטן, וועמען איליא ערענבורג האָט מיט רעכט געגעבן א נאָמען „ליטעראַרישע כוליגאנעס", איז ניט געווען קיין אָרגאנישע, נאָר א ריין אויסערלעכע. אין 1920 האָט דער אָדעסער זשורנאל

„לאווא", אָנרופנדיק יעסעניִנען „עכטער גרויסער פּאָעט", געשריבן: „עס רופט ארויס א כידעש יעסעניִנס „אימאזשיניזם", מיט וועלכן ער האָט קיין שום געמיינזאמס ניט... סערגיי יעסעניִנען שטייט פאר אן אנדער וועג: אויסכאָוועןן דאָס רעוואָליוציאָנער־פּאָעטישע וואָרט. אָט דעם וועג האָבן מיר דאָס רעכט צו פאָדערן פונעם פּאָעט..."

ווען די רויטע ארמיי האָט אין 1920 באפרייט כארקאָוו פון די ווייסגווארדייער, איז נאָוויצקי אוועקגעפאָרן אין אָט דער שטאָט, וווּ ער האָט פארבראכט די סטודענטישע יאָרן, אָבער די פריינטשאפט צווישן אים און יעסעניִנען איז ניט איבערגעריסן געוואָרן. מאריִענהאָף האָט אָנגערופן נאָוויצקין — יעסעניִנס גרויסער פריינט.

ווען עס איז געשטעלט געוואָרן די אויפגאבע, עס זאָלן רעסטאוורירט ווערן די פּאָליגראפישע אונטערנעמונגען אין די ערטער, וואָס זיינען באפרייט פון די ווייסגווארדייער, זיינען יעסעניִן און מאריִענהאָף געקומען קיין כארקאָוו, וווּ זיי האָבן ווידער זיך באגעגנט מיט נאָוויצקין.

אין פיל יאָרן שפּעטער האָט נאָוויצקי געשריבן: „יעסעניִנס אויפהאלטן זיך אינעם הויז פון מיינע פריינט איז פאר אלעמען געווען א יאָמטעוו. דער פּאָעט איז דעמאָלט געווען אין סאמע בליי פון זיינע שעפערישע קויכעס און גייסטיקן געזונט. וועגן הוליאנקעס, וועגן וויין־טרינקען איז קיין רייד ניט געווען. יעסעניִן האָט גאנצע אָוונטן פארבראכט אין שמועסן, שטרייטן, געלייענט זיינע לידער, געשפּאסט און זיך פארוויילט פון גאנצן הארצן. די ביינוועזנדיקע מיידלעך האָבן אָפּן ארויסגעוויזן זייער פארערונג, געווען גליקלעך, וואָס אונטער זייער דאך וווינט אָט דער קישעפמאכער פון וואָרט".

אין דער שכיינעסדיקער דירע האָט געלעבט פרידע לייבמאן, וועלכע האָט געארבעט אינעם סטאטיסטישן אָפּטייל פון דעם פאָלקס־קאָמיסאריאט פאר האנדל פון אוקראינע. דערוויסנדיק זיך, אז בא נאָוויצקין האָט זיך אָפּגעשטעלט יעסעניִן, האָט זי דערציילט וועגן דעם איר מיטארבעטערן און כאווערטע זשעניע ליוושיץ. פרידע איז דעמאָלט אלט געווען 24 יאָר און זשעניע — 19. די כאווערטעס האָבן זייער געוואָלט זען א לעבעדיקן פּאָעט. זיי זיינען אוועק צו נאָוויצקין, מיט וועלכן זיי זיינען געווען גוט באקאנט. יעסעניִן איז מאמעש געפאנגען געוואָרן, דערזעענדיק זשעניע ליוושיץ. די אומשולדיקע שטריכן פון איר שטרענגפראָסט ביבליש פּאָנעם, — זאָגט איידעס נאָוויצקי, — האָבן מיסטאמע באוויִקנדיק געווירקט אויף יעסעניִנס „וויוגע פון געפילן". ער האָט זיך געהאלטן מיט איר ריטערלעך־ריין. אז דאָס איז ריכטיק, באשטעטיקן, צווישן אנדערס, יעסע־

נינס בריוו צו זשעניע ליוושיץ און צו איר שוועסטער מארגאריטע (די בריוו זײַנען פארעפנטלעכט אין דער לעצטער זאמלונג פון יעסעגינס ווערק). ער האָט שטארק אָפּגעהיט די פרײַנטשאפט מיט די שוועסטער ליוושיץ. זייער הויך האָט ער געשעצט אויך פרידע לייבמאנס גוטסקייַט. אין איינעם פון זײַנע בריוו צו זשעניע ליוושיץ האָט ער געייצעט: „הערט זיך צו צו פרידען, און ס'וועט אײַך זײַן גוט, ווײַל פרידע איז א גוטהארציקע, באוווסטזיניקע, דעריבער איז זי אזא ווילע און זעט גוטס אפילע אין עפּעס שלעכטס. מיט ליבע צו אײַך ס. יעסענין".

אין 1921 האָט יעסענין אָנגעשריבן די פּאָעמע „פּוגאטשאָוו". אף דער באהאנדלונג פון דער פּאָעמע האָט ער עפנטלעך דערקלערט וועגן זײַנע מיי־נונגס־פארשיידנהייַטן מיט די אימאזשיניסטן. איינער פון די ערשטע האָט הויך אָפּגעשאצט אָט דאָס ווערק איליא ערענבורג. ער האָט עס אָנגערופן „דער פּראכטפולער בוך", אין וועלכן ס'איז פאראן „דער אָנהייב פון א גראנדיעזן עפּאָס".

איינמאָל האָט יעסענין דורכגעלייענט א. מ. גאָרקין כלאָפּושעס מאָנאָלאָג פון „פּוגאטשאָוו". „...איך האָב דערפילט, — האָט שפּעטער געשריבן גאָרקי, — אז יעסענין לייענט דערשיטערנדיק און הערן אים איז געוואָרן שווער ביז טרערן. איך קאָן ניט זאָגן, אז ער לייענט ווי אן ארטיסט, קינסטלעריש אאוו. אָט די אלע עפּיטעטן זאָגן גאָרנישט וועגן דעם כאראקטער פונעם לייענען. זײַן שטים האָט געקלונגען עטוואָס הייזעריק, שרײַעריש, הארצרײַסנדיק, און דאָס האָט גאנץ שארף אונטערגעשטראָכן כלאָפּושעס שטיינערנע ווערטער. וווּנדערבאר עמעסדיק, מיט אן אומגעהייערער קראפט האָט ניט איין מאָל געקלונגען און אין פארשיידענע טענער זיך איבערגעכאזערטע די פאָדערונג פונעם קאטאָרזשניק: „איך וויל זען דעם דאָזיקן מענטשן!" און אויסגעצייכנט איז איבערגעגעבן דער פּאכעד: „ווו איז ער? ווו? צי דען איז ער ניטאָ?"

ס'האָט זיך אפילע ניט געגלייבט, אז אָט דער קליינוווקסיקער מענטש פארמאָגט אזא קאָלאָסאלע קראפט פון געפילן, אזא אבסאָליוטע אויסדריקלעכ־קייַט...

אופגערודערט האָט ער מיך ביז כפּאזמעס אינעם גאָרגל, ס'האָט זיך גע־וואָלט יאָמערן. איך געדענק, אז כ'האָב ניט געקאָנט ארויסזאָגן אים קיין שום לויב, און אויך ער, מיין איך, האָט זיך ניט געניייטיקט אין דעם"...

צום גליק, איז דערגאנגען צו אונדז יעסענינס לייענען, פארשריבן אף א פּאָנאָגראף — טאקע כלאָפּושעס מאָנאָלאָג. פארשריבן האָט אים דעם 11 יאנוואר 1922 דער פּראָפעסאָר פונעם פּעטראָגראדער אינסטיטוט פון דער לעבעדיקער

שפּראַך ס. אי. בערנשטיין. איצט געפינט זיך יעסענינס פאַרשריבן קאָל אינעם גאָלדענעם פאָנד פון דער סאָוועטישער פאָנאָגראַפיע.

אין די יאָרן 1922—1923 האָט יעסענין דורכגעמאַכט א רייזע קיין אויסלאַנד. ער האָט באַזוכט דייטשלאַנד, בעלגיע, פראַנקרייך און אַמעריקע. דעם 12 נאָיאַבער 1922 האָט ער געשריבן פון ניו־יאָרק קיין מאָסקווע מאַריענהאָפן:

„מיין ליבער טאָליע! איך בין זייער צופרידן, וואָס דו ביסט מיט מיר ניטאָ דאָ, אין אַמעריקע, אין אָט דעם עקלהאַפטן ניו־יאָרק. ס'וואָלט געווען אַזוי שלעכט, כאָטש הענג זיך אויף...

דאָס בעסטע, וואָס איך האָב געזען אף אָט דער וועלט, איז טאַקע מאָסקווע. אין די טשיקאַגער „הונדערט טויזנט גאַסן" קאָן מען פאַרטרייבן בלויז כאַזיירים. דעריבער טאַקע איז דאָרט, מיסטאַמע, די בעסטע בוינע אין דער וועלט.

וועגן זיך קאָן איך זאָגן (כאָטש דו מיינסט אַלץ, אַז איך זאָג עס פאַר די קומענדיקע דוירעס), אַז איך ווייס בעעמעס ניט, וואָס צו טאָן און מיט וואָס איצט לעבן...

...דו שלאָפסט, אַפּאָנעם, איצט, ווען איך שרייב צו דיר דעם דאָזיקן בריוו, ווייל אין רוסלאַנד איז איצט נאַכט, און דאָ איז טאָג.

איך זע פאַר מיינע אויגן דיין ליב, אָפּגעקילט אייזערן אייוועלע, דיך, א צוגעדעקטן מיט א פעלץ, און מאַרטישאַנען.

גאָט מיינער, בעסער וואָלט געווען עסן מיט די אויגן דעם רויך, ווייגען פון אים, נאָר ניט דאָ, ניט דאָ. אַלציינס איז בא יעדן, בא אָט דער קולטור פון „אייזן און עלעקטרע", אַנדערהאַלבן פונט שמוץ אין דער נאָז.

א גרוס אַלעמען, ווער ס'איז מיר געווען טייער און האָט כאָטש א ביסעלע מיך ליב געהאַט...

...דאָ זיינען פאַראַן דיינע און מיינע איבערזעצונגען אין דער אויסגאַבע "Modern Russian Poetry", אָבער דאָס אַלץ איז זייער געמיין. מע קען אונדז בלויז לויטן נאָמען, און ניט די אַמעריקאַנער, נאָר געקומענע קיין אַמעריקע יידן. ווייזט אויס, אַז די יידן זיינען די בעסטע שעצער פון קונסט..."

דעם 3 אויגוסט 1923 האָט יעסענין זיך אומגעקערט קיין מאָסקווע. אינגיכן איז אינעם פּאָליטעכנישן מוזיי פאָרגעקומען זיין ערשטע עפנטלעכע אַרויסטרעטונג. וועלנדיק זיך דערוואַרעמען אין די שטראַלן פון יעסענינס רום, איז מאַריענהאָף באַשטאַנען אף דעם, אַז דער אָוונט זאָל איינגעאָרדנט ווערן אונטער „דער פאָן פון די אימאַזשיניסטן". יעסענין איז מאַסקים געווען.

קורץ פאַרן אָנהייב פונעם אָוונט איז באַם אַרייַנגאַנג אינעם לעקטאָרי פון דעם פּאָליטעכנישן מוזיי שוין געשטאַנען אַן אָטריאַד פון רייַטער־מיליציע. ער האָט קוים אייַנגעהאַלטן דעם דרוק פונעם עולם. די, וואָס האָבן געהאַט בילעטן, האָבן מיט גרויס מי זיך דורכגעשטופּט דורך אָט דעם המון.

דער אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן.

טיילנדיק זיך מיט זייַנע אייַנדרוקן וועגן דייַטשלאַנד, איטאַליע און אַמעריקע, האָט יעסענין דורכגעלייענט נייַע לידער. נאָכדעם זייַנען אַרויסגעטראָטן פּאָעטן־„אימאַזשיניסטן". דער קאָנטראַסט צווישן זיי און יעסענינען איז געווען אַן איבעראַשנדיקער. דאָס פאַרקישעפטע מיצאַד יעסענינען פּובליקום האָט געפאָדערט, ער זאָל ווידער אַרויסגיין אויף דער עסטראַדע. יעסענינען איז אויסגעקומען נאָכאַמאָל לייענען זייַנע לידער. ער האָט זיי געלייענט, ביז ער איז ניט געוואָרן הייזעריק. דער אָוונט האָט זיך פאַרענדיקט שפּעט אין דער נאַכט.

אויפן אַנדערן טאָג האָט די צייַטונג „איזוועסטיע" פאַרעפנטלעכט דעם ערשטן טייל פון יעסענינס פאַרצייכענונג, געווידמעט אַמעריקע. דער צווייטער טייל האָט זיך באַוויזן אין דער צייַטונג אין אַ כוידעש אַרום.

יעסענין האָט געשריבן, אַז אין אַמעריקע האָט אים מער פון אַלץ געפּלעפט דער שאַרפער קאָנטראַסט פון דער אינדוסטריעלער מעכטיקייַט פונעם לאַנד מיט דער אָרעמקייַט פון דער גייַסטיקער קולטור, מיט דער אינערטקייַט פונעם געדאַנק באַם מיטלן אַמעריקאַנער, מיט זייַן קליינבירגערלעכער פּסיכאָלאָגיע. דער קויעך פון אייַזנבעטאָן, די ריזיקע ביניאָנים — האָט געשריבן יעסענין, — האָבן אייַנגעקלאַמערט דעם מויעך פונעם אַמעריקאַנער און פאַרשמעלערט זייַן ריע. פאַר די אַמעריקאַנער איז קיין בעסער און מער קולטורעל לאַנד, אײדער אַמעריקע, ניטאָ.

אָבער גלייַכצייַטיק איז יעסענין זיך מוידע געווען, אַז די דערגרייכונגען פון דער אַמעריקאַנער און מייַרעוו־אייראָפּעישער טעכניק האָבן געבוירן אין אים אַ לייַדנשאַפטלעכן ווילן צו זען זייַן אייגן לאַנד אַ שטאַרקס און אינדוסטריעל אַנטוויקלטס. „פון יענעם טאָג אָן האָב איך זיך נאָך מער אייַנגעליבט אין אונדזער קאָמוניסטישער בויונג".

כאַראַקטעריזירנדיק אַמעריקע, האָט יעסענין ניט פאַרגעסן אויך די ייִדן, וועלכע לעבן דאָרט.

„פאַרן רוסישן אויער און אויג, — האָט געשריבן יעסענין, — איז אַמעריקע בכלל, און דעריקער ניו־יאָרק, — אַ ביסל מיט בלוט פון אָדעס און פון די מייַרעווודיקע געגנטן, — אויף 30 פּראָצענט אַ ייִדישע שטאָט. די ייִדן האָט הויפּט־

זאכלעך פארטריבן אהער די נויט פון וואנדערונגען מאכמעס די פּאָגראָמען. אין ניו־יאָרק האָבן זיי זיך באזעצט גאנץ פעסט און פארמאָגן און אייגענע זשארגאָנישע קולטור, וועלכע פארברייטערט זיך אלץ מער און מער. זיי האָבן אייגענע פּאָעטן, אייגענע פראָזאיקער און אייגענע טעאטערס. זייער ליטעראטור האָט ארויסגעגעבן עטלעכע נעמען פון אלוועלטלעכער גרייס. אין דער פּאָעזיע ווערט ארויסגערוקט אפן וועלט־מארק א גאנץ גרויסער טאלאנט מאני־לייב. מאני־לייב איז אן אָפּשטאמיקער פון טשערניגאָווער גובערניע. רוסלאנד האָט ער פארלאָזט מיט 20 יאָר צוריק. איצט איז ער אלט 38 יאָר. ער האָט מיט גרויסע שוועריקייטן זיך דורכגעשלאָגן א וועג אינעם לעבן מיט שוסטעריי, און בלויז אין די לעצטע יאָרן האָט ער באקומען א מעגלעכקייט צו עקזיסטירן אפן געצאָלטס פאר זיין קונסט.

מיט זיינע איבערזעצונגען אף זשארגאָן האָט ער באקאנט די אמעריקאנער יידן מיט דער רוסישער פּאָעזיע, אָנהייבנדיק פון פושקינען און ביז אונדזערע טעג, און ער רוקט ארויס יונגע זשארגאָניסטן מיט גאנץ שיינע טאלאנטן, אָנהייבנדיק פון האָפּשטיינען ביז מארקישן. דאָ איז פאראן א שטאנג און א קולטור".

נאָכן אומקערן זיך אהיים האָט יעסענין דערפילט, ווי ער ווערט מאמעש דערשטיקט אינעם שמאָלן קרייז פון אימאזשיניזם. ער האָט איבערגעריסן די פּערזענלעכע פריינטשאפט און די שעפערישע פארבינדונגען מיט מארינהאָפן.

אין סענטיאבער 1923 האָט ער זיך באזעצט אין דער קווארטיר בא גאלינע ארטוראָוונא בעניסלאווסקאיא, וועלכע האָט אין די פריערדיקע יאָרן שטודירט אין כארקאָווער אוניווערסיטעט אפן נאטורוויסנשאפטלעכן פאקולטעט. ווען כארקאָוו האָבן פארכאפט די ווייסגווארדייער, איז בעניסלאווסקאיא אנטלאָפן פון דער שטאָט, אריבער די פראָנט־ליניע און געקומען קיין מאָסקווע. עטלעכע יאָר האָט זי געארבעט אין די אָרגאנען פון דער סאָוועטישער יוסטיץ, שפּעטער אין דער רעדאקציע פון דער ציַיטונג „בעדנאָטא" (אָרעמשאפט). בעניסלאווסקאיא האָט זיך באקאנט מיט יעסענינען נאָך אין 1920. זי האָט אויסגעצייכנט געקענט זיין גאנצע ארומרינגלונג. נאָענטע מענטשן זיינען געווען פאר איר נאָוויצקי און די שוועסטער ליוושיץ. פאר יעסענינען איז בעניסלאווסקאיא געוואָרן דער געטרייער געהילף אין אלע זיינע רעדאקציע־פארלעגערישע איניאָנים.

צווישן די מענטשן, מיט וועלכע יעסענין און בעניסלאווסקאיא האָבן געהאט ענגע פריינטלעכע באציִונגען, איז געווען סאָפיע ווינאָגראדסקאיא, וועלכע האָט געארבעט אין דער ציַיטונג „פּראוודא" אלס סעקרעטאר פון מאריא איליי־

נישנא אוליאנאָווא — לענינס שוועסטער. שפּעטער האָט ווינאָגראדסקאיא אין איר בוך „וויאזוי עס האָט געלעבט סערגיי יעסענין", כאראקטעריזירנדיק בעניסלאווסקאיאס באציִונג צו אים, געשריבן: „מיט אומגעהערטער מעסירעסנעפעשדיקײַט, זעלטענער זעלבסטאָפּפערונג האָט זי זיך געווידמעט אים..., ניט וויסנדיק פון מידקײַט, אָן טארומעס, פארגעסנדיק וועגן זיך, ווי אויספילנדיק איר כויוו, האָט זי געטראָגן אף זיך די שווערע לאסט פון זאָרג וועגן יעסענינען, וועגן זײַן גאנץ לעבן".

דעם 17 דעקאבער 1923 איז יעסענין אוועקגעפאָרן אף אָפּרו אין א סאנאטאָרי פאר נערוועז־קראנקע. דאָרט האָט ער זיך דערוווּסט וועגן דעם שווערן פארלוסט פון אלע ארבעטנדיקע — וועגן לענינס טויט. ער האָט זיך אומגעקערט קיין מאָסקווע און איז דעם 23 יאנואר עטלעכע שאָ געשטאנען אפן מוירעדיקן פראָסט, באגעגענענדיק די טרויער־פראָצעסיע מיט לענינס קערפער, וועלכע האָט זיך געצויגן פונעם פאווּעלעצקער וואָקזאל ביז דעם פראָפאריינעןהויז.

סאָפיע ווינאָגראדסקאיא האָט אפן צווייטן אָדער אפן דריטן טאָג נאָך לענינס טויט געבראכט יעסענינען און זײַן שוועסטער קאטיען א דורכלאָז־שײַן אין קאָלאָנען־זאל פונעם פראָפאריינען־הויז. אלע דרײַ האָבן זיך דערקליבן אהין שפּעט אין אָוונט.

„ארײַנגייענדיק אין קאָלאָנען־זאל, — דערמאָנט זיך יעסענינס שוועסטער, — האָבן מיר זיך אוועקגעשטעלט לעבן א גרופּע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען ניט ווײַט פון לענינס אָרן. געשטאנען זײַנען מיר בא לענינס אָרן מער פון א שאָ. די גאנצע צײַט האָט יעסענין געשוויגן. געשוויגן האָט ער אויך, ווען מיר זײַנען געגאנגען אהיים און שוין זײַענדיק אינדערהיים. דער אומגליק האָט אָפּגענומען אלע זײַנע קויכעס".

אינגיכן האָט יעסענין אָנגעהויבן ארבעטן איבער דער פּאָעמע וועגן לענינען. דאָס איז געווען אן אָנגעשטרענגטע, הויך באגײַסטערטע מי. אין פרילינג 1924 איז די פּאָעמע צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם אלמאנאך „קרוג" („קרײַז"). דאָס דאָזיקע ווערק פארנעמט פון דעמלט אָן א בעקאָוועדיק אָרט אין דער פּאָעטישער לעניניאנע.

יעסענין איז געווען, ווי באקאנט, צוגעבונדן צו אלדאָס רוסישע, און גלײַכצײַטיק איז פאר אים העכסט כאראקטעריסטיש דאָס געפיל פון ברידערלעכקײַט צו אנדערע פעלקער. ער האָט געטרוימט וועגן יענער צײַט, ווען „ס'וועט אדורך די סינע צווישן שוואָטים", ווען „די מענטשלעכע רייד וועלן אין איין לאָשן זיך

צונויפגיסן". גראָד פונעם געדאנק, אז „די וועלט איז אן איינהייטלעכע מיש־פּאָכע", האָט יעסענין אָנגעהויבן זײַן ליד „דער קאפּיטאן פון דער ערד", געווידמעט לענינען. די דאָזיקע ליד האָט יורי גאגארין געלייענט, פליענדיק צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט אין קאָסמאָס.

ב. גערשמאן — ייִדיש



---

# אינהאלט

מיכאל אַסטראָווסקי

# קיין בעסער לאנד, ווי רוסלאנד, איז אף דער וועלט ניט פאראן

מ., „סאָוועטסקי פּיסאטעל״, 1987, 64 זייטן
קינסטלערישע און טעכנישע רעדאקטור —
ס. טשערניאק, יע. טשערנינא
קאָרעקטאָר כ. אַסטראָווסקי

Михаил Островский

# ЛУЧШЕ СТРАНЫ, ЧЕМ РОССИЯ, В МИРЕ НЕТ

М., «Советский писатель», 1987, 64 стр.
Под общей редакцией А. Вергелиса
Художественная и техническая редакция
С. Черняк и Е. Чернина
Корректор Х. Островский

Сдано в набор 28.01.87. Подписано к печати 18.02.87.
Формат 70×108 1/32. Бумага типографская № 1.
Условн. печ. л. 2,8. Цена 10 коп. Заказ 66.

Редакция журнала «Советиш геймланд»
Москва, 101000, Центр, ул. Кирова, 17.

Ордена Трудового Красного Знамени
Московская типография № 7 «Искра революции»
«Союзполиграфпрома» Государственного
комитета СССР по делам издательств,
**полиграфии и книжной торговли.**
Москва, 121019, пер Аксакова, 13.

Supplement to “Sovietish Heimland” No. 4, 1987



1—66 .